ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי

ליוסי פיטש-פערקינס

# מיני און מאַני

## דער עסקימאָסישער צווילינג

יידיש — העלענע כאַצקעלס

מיט צייכענונגען פונעם מחבר

פאַרלאַג „נײַע יידישע שולע"
ווילנע o o o o o o 1938

# פון דער שרײַבערין.

איך װעל אײַך דערצײלן װעגן מינין און מאַנין און װעגן זײערע הינטלעך ניפּ און טאָפּ.

מיני און מאַני זײַנען אַ צװילינג און לעבן אויפן װײַטן צפון װוּ דער שניי צעגײט קײנמאָל ניט.

בײדע זײַנען צו פינף יאָר אַלט. מיני איז אַ ייִנגל, מאַני—אַ מײדל. אָבער איר װעט ניט טרעפן, װער פון זײ ס'איז מיני און װער מאַני. ביז איר װעט זיך ניט אַרײַנקוקן אין זײערע פּאָרטרעטן.



זײ זײַנען ענלעך אײנער אויפן אַנדערן װי צװײ טראָפּנס װאַסער, און אָנגעטאָן זײַנען זײ אויך גלײַך.

אַפילו זײער אײגענע מאַמע קען זײ ניט אונטערשײדן! און אויב זי קען ניט, טאָ װער קען?

דער צװילינג אַלײן, טרעפט זיך, װײס אַמאָל ניט, װער פון זײ איז מיני און װער מאַני.

נאָך שװערער איז צו אונטערשײדן, װעלכער פון די הינטלעך איז ניפּ, און װעלכער—טאָפּ, װײַל זײ זײַנען אויך אַ צװילינג.

קײנער האָט זיך ניט געװוּנדערט, װאָס די הינטלעך זײַנען אַ צװי-לינג: בײַ הינט טרעפט זיך דאָס גאָר אָפט. אָבער װען מיני און מאַני

זײַנען געבאָרן געוואָרן צוזאַמען, זײַנען אַלע אין דעם גרויסן ווײַסן לאַנד געווען זייער פאַרוואונדערט. דאָ האָט מען קיינמאָל ניט געזען קיין צווילינג.

דער אַלטער אַקלאַ־אַנגאַגאַק, דאָס הייסט דער אַלצווייסער פון דערפֿל, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: — קיינמאָל איז נאָך אַזוינס ניט געווען! מענטשן און ים־הינט האָבן ניט קיין צווילינגס! דאָ שטעקט עפּעס אַ כּישוף.

דעם צווילינגס פֿאָטער הייסט קעשו, די מוטער—קולי. קעשו און קולי, מיני און מאַני, ניפּ און טאָפּ—אַלע לעבן צוזאַמען דעם גאַנצן קאַלטן פּאָלאַר־ווינטער אין אַ קליינעם הײַזל פון שטיינער, וואָס מע רופט עס „איגלו".

זומער וווינען זיי אין אַ געצעלט, וואָס הייסט „טופּיק".

דער ווינטער איז בײַ זיי אַ לאַנגער, אַ קאַלטער, און שטעלט זיך פֿאָר, אַז איין מאָל אין יאָר ציט זיך בײַ זיי די נאַכט גאַנצע 4 מאָנאַטן.

גאַנצע פיר מאָנאַטן זעט דער צווילינג ניט די זון!

אין פרילינג שטייט זי אויף, די זון, פון הינטערן ים, שײַנט אַ ווײַלע און באַהאַלט זיך ווידער. און אויף מאָרגן ווײַזט זי זיך ווידער און בלײַבט שוין לענגער. און וואָס ווײַטער, אַלץ לענגער, ביז וואַנען זי הערט אויף אינגאַנצן צו פאַרגיין. דאַן קומען אָן 4 לאַנגע ליכטיקע מאָנאַטן, ווען ס'איז גאָר קיין נאַכט ניטאָ. אין דער צײַט קענען מיני און מאַני זיך לייגן שלאָפֿן, ווען זיי פאַרוועלט זיך.

די עסקימאָסן האָבן ליב קינדער, און אַלע זײַנען מקנא געווען קעשון און קולין, וואָס זיי האָבן אַזוינע וווילע דיקע קינדער, כאָטש איינע איז אַ מיידעלע.

— ס'וואָלט געווען בעסער, ווען מאַני איז אויך אַ ייִנגל—האָבן זיי געטראַכט—אַ ייִנגל וועט דאָך מיט דער צײַט העלפֿן געפֿינען שפּײַז פאַר דער פאַמיליע; ער וועט פאַנגען פיש, גיין אויף יאָגד.

אָבער קעשו אַליין איז געווען אַ קונציקער פישער און יעגער. דערפֿאַר האָט ער געזאָגט צו קולין:

— אַ מיידל איז אַ מיידל, פאַרפאַלן. מיט וואָס זײַנען מיר בעסער פאַר אַנדערע?

און אַזוי איז קעשו געווען אַ מײַסטער צו פאַנגען פיש און חיות, און קולי האָט געקענט מאַכן קליידער און שוכוואַרג פון פעלן, און זייערע קינדער זײַנען געווען פון די גליקלעכסטע קינדער אויף דער וועלט.

אין דעם וועט איר זיך איבערצײַגן, ווען איר וועט איבערליינען די מײַסע.

# דער צווילינג גליטשט זיך פון בארג.

ס'איז געווען א פרילינגדיקער פרימארגן. די לְבָנָה איז נאך געווען אויפן הימל, און דער גאנצער דערפל האט נאך געשמאק געשלאפן.

מיני און מאני קריכן ארויס פון א פינצטערן שפאלט. דער שפאלט גייט דאס פון זייער שטיינערנער וווינונג אויפן ברעג פון ים. דער אריינגאנג איז א לאנגער און נידעריקער טונעל. די קינדער זיינען קליינע און דיקע, און דאך קענען זיי זיך ניט שטעלן אין טונעל. זיי קריכן ארויס אויף אלע פיר. ניפ און טאפ — נאך זיי. די הינטלעך



אויך אויף אלע פיר. אבער זיי זיינען איינגעוווינט אזוי צו לויפן זייער גאנץ לעבן און דערפאר לויפן זיי טאקע גיכער פארן צווילינג.

זיי זיינען די ערשטע ארויס אין דרויסן.

די הינטלעך האבן מיט א געביל אנגעהויבן זיך דרייען אויפן שניי. מאני האט ניט געהאט קיין פאריבל. זי האט ארומגעכאפט מיט אירע דיקע הענטלעך טאפן, און ביידע האבן זיך גענומען קייקלען אויפן שניי.

מאני איז געווען אנגעטאן אין פעלץ פון קאפ ביז די פיס, און ווען זי האט זיך געקייקלט אויפן שניי מיט טאפן, איז געווען שווער

צו זאָגן, חער איז טאַפּ און חער איז מאַני. אָבער מאַני האָט זיך באַלד אויפגעהויבן און אָפּגעשאָקלט פון זיך דעם שניי. טאַפּ האָט זיך אויך אָפּגעשאָקלט. מיני האָט זיך דערווײַלע אַראָפּגעגליטשט פון בערגל, חאָס אַנטקעגן זייער הײַזל. דעם קאָפּ האָט ער באַהאַלטן צווישן די קני און מיט די הענט זיך געהאַלטן פאַר די פּאָלקעס. אַזוי ווי אַ פּילקע וואָלט זיך געקײַקלט.

ניפּ האָט זיך געדרייט אַרום אים און געבילט, חיפל כּוח ער האָט נאָר געהאַט. די לבָנָה האָט געשײַנט. פון די קינדער און די הינטלעך האָבן זיך געלייגט אויפן שניי די וווּנדערבאַרע שאָטנס.

מאַני האָט אַ רוף געטאָן דעם ברודער. מיני האָט זיך אַראָפּגע-קײַקלט ביז אונטן, האָט זיך געשטעלט און איז צו איר צוגעלאָפן.

— און וואָס חעלן מיר זיך שפּילן? — האָט געפרעגט מאַני.

לאָמיר רופן קאָקאָן און לאָמיר זיך גליטשן פון די בערג-האָט פאָרגעלייגט מיני.

— גוט! האָט מאַני געזאָגט: — לויף נאָך דעם שליטעלע!

מיני האָט געהאַט אַ קליינעם שליטעלע. דער פאָטער האָט דאָס אים געמאַכט פון האָלץ, וואָס איז צוגעשווּמען צום ברעג. קיינער אין גאַנצן דערפל האָט ניט געהאַט אַזאַ שליטעלע. מײַלן איז דער פאָטער אויסגעגאַנגען אויפן ברעג פון ים, ביז וואַנען ער האָט געפונען דאָס האָלץ.

די עסקימאָסן האָבן ניט קײַן האָלץ אין זייער לאַנד; זיי פאַנגען אַרויס דאָס האָלץ, וואָס דער שטראָם פון ים ברענגט צום ברעג. האָלץ האַלטן זיי דערפאַר זייער טײַער. זיי מאַכן פון דעם שליטנס, חאָס מען שפּאַנט אין זיי אַרײַן הינט, שפּיזן און אַנדערע גאָר נויטיקע זאַכן.

די עסקימאָסישע ייִנגלעך מאַכן זיך שליטעלעך פון שטיקער אײַז.

מיני האָט געבראַכט זײַן שליטעלע, און אַלע פיר, דער צווילינג און די הינטלעך, זײַנען אַוועקגעלאָפן צום הײַזל, ווו קאָקאָ חוינט. דאָס איז געווען אין עק דערפל, אָבער ניט ווײַט, ווײַל אין גאַנצן דערפל זײַנען געווען מער נישט ווי פינף הײַזלעך.

די הײַזלעך זײַנען געשטאַנען אַזוי: דאָס ערשטע — חו דער צווילינג חוינט; אין צווייטן „איגלו" חוינען אַקלאַ-אַנגאַגאָק און זײַנע צוויי ווייבער; ווײַטער שטייען נאָך צוויי „איגלוס", וואָס אין זיי לעבן צוזאַמען עטלעכע פאַמיליעס. אין לעצטן „איגלו" חוינען קאָקאָ, זײַן טאַטע, זײַן מאַמע און אַ קליין ברודערל. קאָקאָ איז זעקס יאָר אַלט. ער איז דעם צווילינגס בעסטער פרײַנט.

ס'איז אַזוי שטיל אַרום און אַרום. עס הערט זיך, ווי די הינטלעך

בילן, ווי דער צווילינג רעדט, ווי עס סקריפעט דער שניי אונטער זייערע פיסלעך, און ווייטער ניט איין קלאנג.

דער הימל איז טונקל-בלוי. אויף אים שיינט די לְבָנָה, און ס'איז ליכטיק כמעט ווי ביי טאג.

פון איטלעכן „איגלו" שיינט ארויס א שוואך געל פיערל פון פענצטערל, וואס איז איבערן שפאלט פון טונעל.

אנטקעגן דערפל ציט זיך דער ים. א ברייטער פאס לעבן ברעג איז איינגעפראָרן. הינטערן איז זעט זיך דאס וואסער, און פון אים גייט לאנגזאם אויף די זון. דאס איז אלץ, וואס דער צווילינג קען זען ארום זיך. ניט איין ביימל, ניט איין קוסטל זעט זיך ניט. מערנישט ווי ווייסע ערד, שאָטנס פון פעלזן, איגלוס פארשאָטענע מיט שניי, שוואכע פייערלעך אין די פענצטער, און איבער אלעמען — די לְבָנָה.

* * *

מיני און מאָני זיינען שוין לעבן קאָקאָס הייזל. די ערשטע קו־מען מיני און ניפּ, נאָך זיי — מאָני און טאָפּ. די קינדער שטעלן זיך אויף אלע פיר און רוקן אריין דעם קאָפּ אין טונעל. נאָך זיי רוקן זיך ניפּ און טאָפּ. אלע פיר הערן זיך צו. עס הערט זיך נאָר, ווי מען כראָפּעט. דער צווילינג האָט זיך אפילו דערשראָקן: אזוי שטארק כראָפּעט מען!

— אָהאָ ווי זיי שלאָפן! — זאָגט גאָר שטיל מאָני.

— לאָמיר זיי אויפוועקן — ענטפערט מיני.

דער צווילינג נעמט בילן — האו, האו, האו! אקוראט ווי די הינטלעך. ניפּ און טאָפּ העלפן אונטער. פון כראָפּען און פון בילן ווערט אזא טומל, אז קאָקאָ כאפּט זיך אויף. קאָקאָ הערט, אז פיר בילן, טרעפט ער גלייך, ווער דאָס איז, און ער שרייט צו זיי:

— שטילער! איר וועקט אויף דאָס קינד! איך גיי!

און באלד באוויזט זיך אין שפאלט זיין קאָפּ. ער איז אויך אין א פעלצענעם אנצוג און אין פעלצענע הענטשקעס.

* * *

אלע דריי גייען צום גרויסן פעלז. מאָני זיצט אויפן שליטעלע, מיני און קאָקאָ פירן זי. דער גרויסער פעלז איז פון איין זייט ווי א הויכע גלייכע וואנט. פון דער אנדער זייט לאָזט ער זיך אראָפּ פאמעלעך, ביסלעכווייז. פון דער זייט וועלן זיך די קינדער אראָפּ־גליטשן.

זיי גייען ארויף אויפן שפיץ. עס הייבט אָן מיני. ער פאָרט אראָפּ אויפן בויך און זיינע פיסלעך און שטיוועלעך פון הירשנפעל צאפּלען זיך אין דער לופט. נאָך אים גייט קאָקאָ. וואָס טוט ער? ער שטעלט

זיך ווי גרויס ער איז אויפן שליטעלע און פּאַרט אַראָפּ אויף אונט האַלטנדיק זיך פאַרן לעדערנעם רימען. אמת, ער איז שוין זעקס יאָר אַלט. די דריטע פּאַרט מאַני. זי וויל אויך אַזוי אַראָפּפאָרן ווי קאַקאַ. אָבער מיני זאָגט: — ניין, דו וועסט אַנידערפאַלן און זיך צעשלאָגן די נאָז. אַזוי איז זי אויך אַ קורצע ביי דיר, היט זי בעסער!

מאַני האָט פּאַריבל: — מיין נאָז איז ניט קירצער פון דיינער.

— ביי מיר איז לענגער! איך בין דאָך אַ ייִנגל! — ענטפערט מיני.

קאַקאַ מעסט אויס זייערע נעזער מיט אַ פינגער.

— ביידע גלייך! — זאָגט ער. מאַני גיט זיך אַ קער צו מינין:

— אַהאַ, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? —

מיני שווייגט וועגן דער נאָז און פאַררעדט די רייד.

— לאָמיר זיך אַראָפּלאָזן אַלע מיטאַמאָל! — לייגט ער פאָר.

קאַקאַ און מיני זעצן זיך אין שליטל, מאַני זעצט זיך אויף מינין, מען שטופּט זיך אָפּ און מען פליט אַראָפּ.

אָ, אָ, ווי גיך דאָס שליטל טראָגט זיך. די הינטלעך יאָגן נאָך. ווו ס׳איז זייער גליטשיק, פאָרן זיי אויך אַראָפּ. אָבער זיי געפעלט דאָס ניט. דאָס שליטל איז שוין כּמעט אונטן, אָבער עס גיט זיך אַ שטויס אָן אַ קריע, עס פליט אָפּ אָן אַ זייט, און די קינדער צעשיטן זיך אויפן שניי.

ניפּ און טאָפּ פאָרן אַראָפּ אויף זיי, און אַלע צעמישן זיך אין איין קופּע! מיני כאַפּט זיך פאַר זיין נעזל.

— אוי, אוי! — קלאָגט ער זיך — איך האָב צעקלאַפּט די נאָז אָן אייז. מאַני גיט דעם ברודער אַ שטופּ מיט דער הענטשקע אין נאָז און לאַכט:

— פאַרוואָס האָסטו פאַרגעסן, אַז דיין נאָז איז אַ קליינע? וואָס היטסטו זי ניט!

קאַקאַ צעלאַכט זיך, די הינטלעך צעבילן זיך, און מיני לאַכט מיט זיי צוזאַמען.

מיטאַמאָל ווערן די הינטלעך פאַרשטומט. די האָר אויפן האַלדז שטעלן זיך ביי זיי, זיי ריטשען.

— די הינטלעך שפּירן עפּעס! — זאָגט מיני. — מאַני און קאַקאַ האָבן אויפגעהערט צו לאַכן און האָרכן. קיין זאַך הערט זיך ניט, קיין זאַך זעט זיך ניט. ניפּ און טאָפּ בורטשען נאָך אַלץ. דער צווילינג און קאַקאַ זיינען דאָך יעגערס קינדער: זיי דערשרעקן זיך אפילו, אָבער זיי קריכן צו פאַמעלעך צום גרויסן פעלז און קוקן זיך איין. אין דעם מאָמענט דערהערט זיך אַ שרעקלעך ריטשען: או, או, אוף! אַזוי הילכיק, אַזוי נאָענט. אויפן ברעג רירט זיך אַ שאָטן. דאָס איז אַ גרויסער ווייסער בער!.. ער זוכט פיש און איז בייז: דער ים איז איינגעפראָרן און אויפן ברעג איז קיין פיש ניטאָ.

ווי נאָר די קינדער דערזעען דעם בער, נעמען זיי שטעלן פּיס... און נאָך ווײַז מער נישט ווי די פּיאַטעס גלאַנצן. זיי לאָזן אַפילו איבער דעם שליטל. ניפּ און טאָפּ—נאָך זיי: די אויערן צוגעלייגט צום קאָפּ און די עקן אָנגעצויגן, ווי פײַלן. ווען זיי גיבן אַ קוק אויף צוריק, האַלטן זיי געזען, ווי דער בער שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, ווי ער קוקט זיי נאָך, ווי ער לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אויף אַלע פיר און לויפט צו דעם גרויסן פעלז. אָבער די קינדער און די הינטלעך קוקן זיך ניט אום. זיי לויפן אין איין אָטעם ביז צו דער „איגלו". ווי איבער־געשראָקענע האָזן כאַפּן זיי זיך אַרײַן אין טונעל.

* * *

אין „איגלו" איז פאַראַן נאָר איין צימער. קעשו און קולי זײַנען נאָר־וואָס אַרויסגעקראָכן פון וואַרעמען געלעגער פון אונטער די פעלן. מיני און מאָני און קאָקאָ און די הינטלעך—אַלע שרײַען אין איין קול. ווי נאָר טאַטע־מאַמע דערהערן דאָס וואָרט „אַ בער", נעמען זיי זיך גיך אָנטאָן.

ביידע טראָגן זיי פעלצענע הייזן, לאַנגע שטיוול און פעלצענע רעקלעך. ביידע טראָגן די זעלביקע בגדים.

די מוטער נעמט צוזאַמען די האָר און פאַרבינדט זיי מיט אַ רימענדל. אָבער זי וויל, אַז דער בער זאָל מיינען, אַז זי איז אַ מאַן; דערפאַר לאָזט זי זיי פרײַ הענגען ווי בײַ איר מאַן קעשו.

אין אַ רגע זײַנען זיי שוין פאַרטיק. דער פאָטער כאַפּט אַ שפּיז, די מוטער—אַ מעסער, און ביידע קריכן אַרויס פון טונעל.

דער ערשטער קריכט אַרויס דער פאָטער, דערנאָך—די מוטער, נאָך זיי—די 3 קינדער. די לעצטע זײַנען די הינטלעך. בײַם אַרויסגאַנג שטעלט זיך דער פאָטער אָפּ. ער קוקט זיך אַרום, ווי נאָענט איז דער בער.

די איבעריקע הינט דערשפּירן אויף די רויב־חיה. זיי לויפן אַרויס און וואָיען ווי אַ סטאַיע וועלף.

קעשו שרײַט צו זײַן ווײַב:

— יאָ, ער איז דאָ. איך זע אים לעבן גרויסן פעלז! רופט די איבעריקע!

מאָני לויפט צו אַנגאַגאָקס „איגלו", מיני און קאָקאָ—צו די איבעריקע. קולי אַליין לויפט צו צום הײַזל, ווו קאָקאָס עלטערן וווינען, און שרײַט אַרײַן אין טונעל: — אַ בער! אַ בער!

די מענטשן דערהערן דעם געבּיל פון די הינט און כאַפּן זיך אויף. אַלע קריכן ארויס פון די טונעלן מיט שפּיזן און מעסערס אין די הענט. די פרויען לאָזן פונאַנדער די האָר ווי דעם צחילינגס מוטער. איטלעכע האָט אַ מעסער אין דער האַנט. אַלע לויפן צום גרויסן פעלז.

פאַרויס – זעט זיך דער בער. צו אים לויפן די הינט און קעשו מיט אַ שפּיז אין דער האַנט.

די הינט וואַרפן זיך אויפן בער. ער שטעלט זיך אויף די הינטער-שטע פיס און וויל זיי אָנכאַפּן און צעדריקן זיי מיט זײַנע לאַפּעס. אָבער די הינט דרייען זיך קונציק ארויס. דעם בער גיט זיך ניט אײַן צו כאַפּן ניט איינעם.

ווען קעשו דערנענטערט זיך, הייבט אָן דער בער צו ריטשען און וויל זיך וואַרפן אויף אים. דער געוואַגטער קעשו שטייט רויק און וואַרט אָפּ דעם בער מיטן שפּיז אין דער האַנט. דער בער איז שוין גאָר נאָענט. קעשו גיט זיך אַ וואָרף און שטעכט אַרײַן דעם שפּיז דעם בער אין זײַט. דער שפּיז לעכערט דורך דעם בערס האַרץ. די חיה גיט אַ ריטשע, פאַלט אַנידער, קערט זיך איבער און בלײַבט טויט.

אַלע גיבן זיך אַ כאַפּ צו אים. קאַקאַס מוטער טראָגט אַ קינד אויפן רוקן: אַלע עסקימאָסישע פרויען טראָגן זייערע וויג-קינדער אויפן רוקן, זי קען ניט לויפן אַזוי גיך ווי די איבעריקע.

אַנגאַגאַק איז אַ דיקער. ער לויפט, אָבער ער קען ניט נאָכהאַלטן. ער אײַלט זײַנע ווײַבער:

– גיכער, גיכער! איך זאָל באַקומען אַ גוטן חלק!

דער צחילינג אויף די קורצע פיסלעך קען אויך ניט נאָכהאַלטן. זיי שפּרינגען אונטער צוזאַמען מיט די אָפּגעשטאַנענע.

אַלע שטעלן זיך אַרום בער. מען טונקט אײַן די פינגער אין זײַן הייסן בלוט און מען באַלעקט זיי. דאָס טוט מען, אַלע בערן זאָלן וויסן, ווי די עסקימאָסן ווילן זיי אומברענגען. לעקנדיק די פינגער, שרײַט איטלעכער אויס, וואָס פאַר אַ חלק ער וויל.

אַנגאַגאַקס ווײַבער שרײַען: – פאַר אַנגאַגאַקן אַ פאַלקע!

– די נירן גיב אוועק קאַקאַן! – שרײַט דעם יינגלס מוטער: – ער זאָל אויסוואַקסן אַ שטאַרקער יעגער.

– און די פעל מיר, אויף אַ געלעגער פאַר די קינדער! – האָט געפאָדערט דעם צחילינגס מאַמע.

קעשו זאָגט צו איטלעכן צו געבן, וואָס ער בעט. קיינמאָל וועט אַן עסקימאָס ניט אויפעסן אַליין, וואָס ער פאַנגט. ער טיילט זיך אַלעמאָל מיט די איבעריקע אײַנוווינער פון דערפל.

דער בער איז גוואַלדיק גרויס. די פרויען קענען אים ניט אוועק־שלעפן אַהיים. די מענער לאַכן פון זיי, אָבער זיי העלפן ניט. קולי לויפט אַהיים נאָך אַ שליטן און נאָכן געשפאַן פאַר די הינט. קאַקאַ און מיני העלפן איר פאַנגען די הינט און זיי אײַנשפּאַנען אין שליטן.

ס'איז ניט אַזוי לײַכט אײַנצוכאַפּן די הינט. זיי ווילן ניט שלעפן דעם שליטן און צעלויפן זיך. דער הונט טוקי, דער פירער פון אַ גאַנצער כאַפּטע הינט, מאַכט זיך קראַנק. טוקי איז ניפּס און טאַפּס מאַמע. דאָס איז זייער אַ קלוגער הונט. קולי און די קינדער יאָגן זיך נאָך די הינט און שפּאַנען זיי אײַן, און די איבעריקע פרויען הייבן אָן דערווײַלע צו שינדן דעם בער מיט זייערע קרומע מעסערס.

די לְבָנָה באַהאַלט זיך שוין. אויפן הימל צעפלאַמט זיך דאָס מאָרגנרויט, און די אַרבעט איז נאָך ניט געענדיקט.

צום סוף צעשנײַדט מען פאַרט די טושע אויף שטיקער. קעשו און קאַקאַס פאָטער האַלטן צו די הינט. די פרויען לייגן אַרויף דאָס פלייש אויפן שליטן. די הינט ווילט זיך פרישע פלייש. זיי הייבן אָן וואָיען, שפּרינגען און ווילן זיך אַרויסרײַסן פון געשפּאַן.

ווען אַלץ איז פאַרטיק, גיט קולי אַ שמיץ די הינט מיט דער בײַטש. טוקי לויפט פאָרויס, און נאָך איר שלעפן זיך די איבעריקע.

אַלע ציען זיך צום דערפל. אויפן שניי בלײַבט איבער פון הינטן אַ גרויסער בלוטיקער פלעק.

די לעצטע גייען דער צווילינג מיט קאַקאַן. זיי שלעפן אויף מיניס שליטעלע דעם בערס פעל.

— שלעפן דאָס פלייש אַהיים, דאָס איז אַן אַרבעט פאַר די ווײַבער. מיר, מענער, גייען אויף יאַגד און אויף פישפאַנג, — זאָגט מיני צו קאַקאַן. ער רעדט נאָך, וואָס די גרויסע זאָגן.

— יע, מיר האָבן געפונען דעם בער! — ענטפערט קאַקאַ — און מאַני דאַרף שלעפן דאָס פעל אַהיים.

אין דער אֶמֶתן האָט דאָך מאַני אויך אַזוי געפונען דעם בער ווי זיי, אָבער זי ענטפערט זיי ניט. זי שלעפט שווײַגנדיק דאָס שליטעלע. ווען זיי קומען צום „איגלו", איז די רונדע רויטע זון שוין אויפגעשטאַנען פון הינטערן ים, און אויף די שנייִקע פעלדער לייגן זיך לאַנגע בלווילעכע שאָטנס.



# קולי טיילט דאָס פלייש.

פריער פון אַלץ קאָרמעט מען אָן די הינט. זיי זײַנען זייער הונגעריק. צוויי טעג האָבן זיי ניט געגעסן, געשלעפּט אַזוי ווײַט פרישע פלייש און ניט באַקומען קײַן שטיקל. זיי וואָיען, רײַסן זיך און פּלאָנטערן דעם געשפּאַן.

קעשו שפּאַנט זיי אויס און וואַרפט זיי בײנער. זיי גריזשען די בײנער און רײַסן זיך מיטאַנאַנד; קולי קריכט אַרײַן אין „איגלו" און טראָגט אַרויס אַ שיסל. די שיסל איז אויסגעהאַקט פון שטיין און איז פול מיט וואַסער.

— זאָל איטלעכער נעמען אַ זופּ וואַסער פון דער שיסל. און מײַן זון וועט אַלעמאָל זײַן גליקלעך אין יאַגד אויף בערן!—זאָגט קולי.

זי דערלאַנגט אַלעמען די שיסל. און איטלעכער נעמט אַ זופּ. ווען ס'קומט צו מינין, טוט ער גאָר אַ גרויסן זופּ: ער וויל וואָס גיכער ווערן אַ מוטיקער יעגער און צוהאַרגענען יעדע וואָך אַ בער. אָבער ער אײַלט זיך שוין צופיל. דאָס וואַסער גייט אים אַרײַן אין לינקן קעל, און ער דערשטיקט זיך שיר ניט. ער הוסט. שטיקט זיך, זײַן פּנים ווערט רויט. די מוטער גיט אים אַ פּאַטש אין רוקן.

— אַ שלעכטער אָנהייב פאַר אַ בראַוון יעגער! — זאָגט זי.

אַלע לאַכן. מיני האָט ניט ליב, ווען מען לאַכט פון אים. ער גייט אַוועק אָן אַ זײַט און זוכט ניפּן און טאָפּן. ער ווייס, זיי וועלן ניט לאַכן פון אים. אים דאַכט זיך אַפילו איצט, אַז די הינט זײַנען אים ליבער ווי די מענטשן.

ניפּ און טאָפּ ווילן עפּעס אַרויסרײַסן בײַ די איבעריקע הינט אָבער יענע בײַסן זיך און טרײַבן זיי אָפּ. מיני זוכט אויף רעשטלעך און קאָרמעט אָן די הינטלעך.

דערווײַל שטייט קולי לעבן שליטן און טיילט דאָס פלייש צווישן די שכנים. איין פּאַלקע גיט זי אַוועק אַנגאַגאָקס ווײַבער. ער באַקומט אַלעמאָל דעם בעסטן חלק. די נירן גיט זי אַוועק קאָקאָס מוטער. און יעדער פרוי גיט זי, וואָס מען בעט בײַ איר. צעטיילט דאָס פלייש, נעמט קעשו דאָס איבערגעבליבענע און באַהאַלט עס אין שפּײַזקאַמער.

די שפּײַזקאַמער איז ניט אַזאַ ווי בײַ אונדז. דאָס איז אַזוי ווי אַ שטײנערנער טיש אויף הויכע פיס, אויך פון שטיינער. אויף אַזאַ הייך קענען די הינט דאָס פלייש ניט דערגרייכן.

ווען דאָס פלייש איז שוין געווען זיכער אַוועקגעלייגט, האָט קולי גענומען דעם בערס קאָפּ און אַרײַנגעטראָגן אין „איגלו".

אַלע גייען אי[illegible] נאָך. זי לייגט אַוועק דעם קאָפּ אויף אַ באַנק מיט

דער נאָז צום גרויסן פעלז, פון װאַנען דער בער איז געקומען. די נאָזלעכער פאַרשטאָפּט זי מיט מאָך און מיט פעטס. זי באַשמירט אויך מיט פעטס זײַן מויל.

— אַ בער האָט ליב פעטס — זאָגט זי — און די נאָז פאַרשטאָפּ איך אים, — אַלע בערן זאָלן שוין מער ניט קענען שפּירן מיט די נעזער. דאַן װעלן די יעגער קענען זיך צוגאַנװענען צו זײ נעענטער און צוהאַרגענען זײ.

קולי האָט געגלויבט אין אַזוינע זאַבאָבאָנעס, און די איבעריקע עסקימאָסן אויך.

— מיני און מאַני, קומט אַהער! — האָט זי צוגערופן די קינדער.

דער צווילינג האָט זיך קוים דורכגעשטופּט צווישן די דערהאַק־סענע און האָט זיך געשטעלט לעבן דער מוטער.

— קינדער — זאָגט זי צו זײ—: אײַער געשטאָרבענער זיידע האָט אײַך צוגעשיקט דעם בער. איר דאַרפט אים אויך עפּעס שיקן. אין פינף טעג אַרום װעט דעם בערס גײַסט אַװעקגיין אַהין, װוּ עס האַלט זיך אויף דער גײַסט פון אײַער זיידן. װאָס פאַר אַ מתּנה װעט איר שיקן דעם זיידן דורכן בער? —

— איך װעל אים שיקן אַ פישעלע, װאָס דער פאָטער האָט מיר אויסגעשניצט פון ביין—זאָגט מיני.

ער שטופּט זיך װידער דורך צווישן די געסט, גייט צו צום װינ־קעלע, נעמט אַרויס פון געלעגער אַ פישעלע און דערלאַנגט דער מו־טער. זי לייגט עס אַװעק אויפן בערס קאָפּ.

מאַני דערלאַנגט אַ לעדערנעם רימענדל, װאָס צו אים איז צוגע־בונדן אַ גליקלעכער שטיין.

קולי לייגט דאָס אויך אַרויף אויפן בערס קאָפּ.

— אין פינף טעג אַרום װעט דער בער אָפּגעבן די שאַטנס פון די זאַכן אײַער זיידן. דאַן װעלן מיר קענען אויפעסן דעם קאָפּ. אָבער פריער מוזן מיר זיך איבערצײַגן, אַז דעם בערס גײַסט האָט דער־גרייכט די מלוכה פון טויט, — זאָגט װײַטער קולי זייער ערנסט.

איצט רעדט דער אַלטער אַנגאַגאָק: — אײַער זיידע װעט זיך דערפרייען מיט די מתּנות. ער איז געװען אַ מענטש אַ גערעכטיקער. איך האָב אים גוט געקענט. ער האָט פון מיר זייער געהאַלטן. װען ער פלעגט צוהאַרגענען אַ בער אויף דער יאַגד, פלעגט ער מיר אַלעמאָל אָװעקגעבן די פאַלקע, און דערצו נאָך דעם לעבער. אַלעמאָל. קען זײַן, אַז ער האָט דאָס צוגעשיקט דעם בער אויך, װײַל ער װייס, איך האָב ליב לעבער.

אַנגאַגאָק לייגט צו די האַנט צום בויך און קערט אויס די אויגן.

— שוין אַוועק די גוטע צײַטן... — גיט ער אַ זיפֿץ — איצט קלערן מענטשן נאָר וועגן זיך. זיי וועלן נאָך אַוודאי אַליין אויפֿעסן דעם לעבער און ניט אָוועקגעבן אַנגאַגאַקן. ס'וועט זיי דערנאָך פֿאַר־דריסן, אָבער ס'וועט שוין זײַן שפּעט.

ער שאָקלט מיטן קאָפּ און זיפֿצט.

קולי גיט אַ קוק אויף איר מאַן. זי שרעקט זיך. קעשו גייט אַוועק אין שפּײַז-קאַמער. ער קריכט אַרויף און נעמט אַראָפּ דעם לעבער.

אַלע קריכן שוין אַרויס פֿון „איגלו". יעדערער קלײַבט זיך טראָגן אַהיים זײַן חלק. קעשו לויפֿט צו צו אַנגאַגאַקן און גיט אים אַוועק דעם לעבער.

אַנגאַגאַק נעמט עס צו און דערלאַנגט עס זײַן ווײַב.

די צווייטע ווײַב זײַנע שלעפּט שוין אַ פֿאָלקע.

— דו ביסט אַזאַ גוטער מענטש ווי דײַן פֿאָטער! — זאָגט אַנגאַגאַק צו קעשון — איך ווייס אַלע סודות פֿון דער זון, פֿון דער לבֿנה און פֿון די שטערן. דו פֿירסט זיך, ווי מען דאַרף. און דו וועסט באַלוינט ווערן!

ער רעדט דאָס אויס מיט זייער אַ פֿאַרלעכער מינע און נעמט זיך שלעפּן אַהיים; די ווײַבער מיט דעם פֿלייש — נאָך אים.

אַלע גייען זיך פֿונאַנדער.



## דער צווילינג אויף פיש־פאַנג.

ווען אַלע צעגייען זיך אין זייערע הײַזלעך, זעצן זיך מיני און מאַני אויף אַ שליטן. ניפּ און טאָפּ זײַנען פאַרנומען: זיי פאַרגראָבן אין שניי די איבערגעבליבענע בײנער. די איבעריקע הינט זײַנען זאַט. זיי ציען זיך אויס אויף דער זון און שלאָפן.

ס'איז שטיל און קאַלט. אין דער שטילקײַט הערט זיך דער קלענסטער קלאַנג. און ס'איז אַזוי ליכטיק, אַז דער צווילינג פינטלט מיט די אויגן.

מיטאַמאָל נעמט מיני ציען אין זיך די לופט: עס שמעקט מיט געבראָטענע פלייש.

— איך בין אַזוי הונגעריק, אַז איך קען אויפעסן מײַנע אייגענע שטיוול! — זאָגט ער.

— ס'זײַנען פאַראַן זאַכן געשמאַקערע פאַר שטיוול — ענטפערט מאַני. — וואָס ווילט זיך דיר מער פון אַלץ, מיני?

— שמאַלץ, הירשענע אָדער פון אַ ים־הונט! — זאָגט מיני.

— אָ, ניין! — רופט זיך אָפּ מאַני: — אַ סך געשמאַקער איז אַ הירשענער מאָגן אָדער די אויגן פון אַ פיש! ווייסט וואָס, מאַני? לאָמיר עפּעס אויפזוכן איבערצובײַסן. לאָמיר גאָר גיין פאַנגען פיש, ווי לאַנג די זון איז נאָך ניט אונטערגעגאַנגען!

— גוט! — שטימט צו מיני. — לאָמיר בעטן בײַ דער מאַמען אַ שטיקל בערישע שמאַלץ! דאָס איז אויך אַזוי געשמאַק ווי די חֵלֶב פון אַ ים־הונט אָדער די אויגן פון אַ פיש.

זיי כאַפּן זיך אַרײַן אין „איגלו". די מוטער שטייט בײַם לאָמפּ, וואָס איז פול מיט חֵלֶב. זי לייגט אַהין פעדים פון טרוקענעם מאָך. דער לאָמפּ איז זייער אײנציקער אויוון און זייער אײנציקער קוואַל פון ליכט. ס'איז גאָר ניט ווי אונדזער אויוון. דאָס איז אַ שטיין, וואָס האָט די פאָרמע פון אַ מושל. אין אים איז אויסגעהאַקט אַ גריבל, און אין גריבל גיסט מען אַרײַן חֵלֶב. די פעדעמלעך פון טרוקענעם מאָך זײַנען ווי אַ קנויט. איבערן לאָמפּ הענגט אויף אַ רימען אַ שטיינערן קעסעלע, און אין אים קאָכט זיך אַ שטיק בערישע פלייש. דאָס פײַערל איז אַ קליינס. דאָס פלייש קען ניט צעקאָכט ווערן אינגאַנצן, אָבער עס גייט פון דעם אַ לײַכטער דאַמף און אַזאַ געשמאַקער, אַז דער אַפּעטיט צעברענט זיך בײַ דעם צווילינג נאָך שטאַרקער.

— מאַמע, — זאָגט מיני, — מיר זײַנען אַזוי הונגעריק, אַז מיר קענען אויפעסן אונדזערע אייגענע שטיוול.

— זע, טו אַ טובֿה, עס ניט אויף די שטיוול! דו האָסט ניט מער ווי איין פּאָר! — שפּאַסט די מוטער.

זי גיט מינין אַ קניפּ אין באַק און צעלאַכט זיך.

דערנאָך שנײַדט זי אָפּ צוויי גרויסע שטיקער שמאַלץ פון דעם בערישן פלייש, וואָס אויפן באַנק, און דערלאַנגט די קינדער.

— עסט דערווײַלע, באַלד וועט פאַרטיק ווערן דאָס געקאָכטע פלייש.

— מיר וועלן ניט וואַרטן, — זאָגט מאַני. — מיר גייען פאַנגען פיש, ווי לאַנג די זון איז נאָך אויפן הימל. גיב אונדז נאָך שמאַלץ, מיר וועלן מיטנעמען!

די מאַמע גיט זיי נאָך צו שטיקער שמאַלץ און נעמט אַראָפּ פאַר זיי די ווענדקעס פון דער וואַנט. ביידע הענט זײַנען פאַרנומען. ווי טוט מען אַהין די ווענדקעס? מיני גיט זיך אַן עצה. ער נעמט איין שטיק פעטס אין די ציינער און אין דער האַנט די ווענדקע. מאַני טוט אים נאָך, און ביידע קריכן אַרויס דורכן טונעל.

* * *

ס'איז ניט אַזוי גרינג אַרויסצוקריכן פון טונעל, ווען ביידע הענט זײַנען פאַרנומען, און די ווענדקעס פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס. אַרויס פאָרט אויף דער פרײַער לופט, פאַרבײַסן די קינדער מיט אַ גרויסן שטיק בערישן חלֶב.

קעשו הענגט אָן דעם הינטישן געשפּאַן אויף אַ הויכן שטאַנג, די הינט זאָלן עס ניט דערגרייכן. דער שטאַנג איז בײַ צוויי מעטער די לענג. דאָס איז אַ צאָן פון אַ נאַרוואַל. דער געשפּאַן איז פון רימענס, וואָס זײַנען געמאַכט פון ים-הונט-פעל. ווען די הינט דערגרייכן, עסן זיי אויף די רימענס. אָט פאַרוואָס קעשו הענגט זיי אויף אַזוי הויך.

די קינדער לויפן צו צום פאָטער. זיי דערציילן אים, אַז זיי גייען אויף פישפאַנג, אָבער די מײַלער זײַנען פול מיט פלייש, און זיי קענען אַ וואָרט ניט אויסריידן.

ביידע קײַען, אײַלן זיך און ריידן, מאַני דערוועורגט זיך שיר ניט:

— האָק אונדז אויס צוויי גריבעלעך אין אײַז פאַר די ווענדקעס! — רעדט זי קוים אויס מיט אַ פולן מויל.

— און די ווענדקעס זײַנען פאַרטיק? און מיט וואָס צו פאַרנאַרן די פיש האָט איר? — פרעגט קעשו.

מיני האָט שוין זײַן פאַרציע אויפגעגעסן, דער מויל איז ליידיק, און ער קען דײַטלעך ענטפערן: — די ווענדקעס זײַנען פאַרטיק, און פאַרנאַרן די פישלעך וועלן מיר מיט שטיקעלעך בערישן פלייש.



מיני און מאָני מיט די ווענדקעס אין די הענט



מיני אויפן אײַז בײַם פאַנגען אַ ים־הונט

קעשו קוקט זיך אײַן: די װענדקעס זײַנען קורצע, הילצערנע. צום שפּיץ איז צוגעבונדן אַ בײַן אויף אַ רימענדל. אין בײַן — אַ לעכל; דורכן לעכל זײַנען דורכגעצויגן גאָר דינע רימענדלעך, צוזאַמענגעפלאָכטענע, און אויף זיי אַ שפּיציקן בײַנדל.

— יע, די װענדקעס זײַנען אין אָרדנונג! — זאָגט קעשו: — קומט!

ער לאָזט זיך אַראָפּ פון ברעג. די קינדער — נאָך אים. זיי הערן ניט אויף צו קײַען. נאָך זיי לויפן די הינטלעך. דער אײַז איז זייער שטאַרק. זיי גייען מיטן אײַז גאָר װײַט. קעשו האַקט דורך צוויי לעכער אין אײַז: איינע פאַר מיניך, די אַנדערע פאַר מאַגין. די לעכער זײַנען קליינע. די קינדער קענען אַהין ניט אַרײַנפאַלן.

דערװײַלע װערן די קינדער פאַרטיק מיט זייער חלק פלייש. זיי לאָזן איבער מערניסט װי קלײנינקע שטיקעלעך פאַר די װענדקעס. צוגעטשעפּעט דאָס פלייש צום שפּיציקן בײַנדל, לאָזן זיי אַראָפּ די װענדקעס אין די לעכער און זעצן זיך אַליין צו אויף די ציפּקעלעך.

קעשו לאָזט זיי איבער אויפן אײַז און גייט אַהיים. ער זאָגט זיי אָן:

— „בלײַבט דאָ ניט צו לאַנג".

* * *

דער צווילינג זיצט לאַנג און רירט זיך ניט פון אָרט. ניפּ זעצט זיך צו לעבן מיניך, און טאָפּ לעבן מאַגין.

עס װערט אַלץ קעלטער און קעלטער.

די זון הייבט זיך אָן אַראָפּצולאָזן. װי אַ גרויסע רויטע ראָד שטעלט זי זיך אויפן האָריזאָנט.

לאַנגזאַם לאָזט זיך די זון אין װאַסער אַראָפּ. אָט זעט זיך מער נישט, װי אַ רויטער פּאַסיק. באַלד פאַרשווינדט ער אויך. און דער הימל פלאַמט אויף רויט אויף דעם אָרט, װוּ די זון איז פאַרגאַנגען.

דער צווילינג זיצט נאָך אַלץ געדולדיק, יעדערער לעבן זײַן אײַזלאָך. עס װערט אַלץ פינצטערער און פינצטערער. די פאַרבן אויפן הימל װערן פאַרלאָשן. עס פינקלען שוין שטערן, אָבער דער צווילינג גיט זיך ניט קיין ריר. ניפּ און טאָפּ שפּילן זיך אויפן אײַז, לויפן אין געװעט, קײַקלען זיך און בילן.

מיטאַמאָל גיט עפּעס אַ שטאַרקן צי מאַגינס װענדקע. זי האָט זיך ניט געריכט אויף דעם און האָט די װענדקע שיר ניט אַרויסגעלאָזן פון דער האַנט. זי פאַרלירט זיך ניט, ציט זיך אויס אויפן בויך און כאַפּט װידער אָן די װענדקע אין דער רגע, װען זי האַלט בײַם אַרײַנפאַלן אין לעכל. מאַגין האַלט זי פעסט און ציט. װיפיל עס קלעקט איר כוחות.

— מיר דאכט זיך, אז איך האב געכאפט א האלפיש! — רעדט זי קוים אויס.

— גיב, איך וועל אים ארויסציען! — רופט זיך אפ מיני — און וויל צונעמען ביי איר די ווענדקע.

— גיי! — שרייט מאני: — איך וועל אליין ארויסציען דעם פיש!

מיני טאנצט אונטער אויף זיין ארט פון אויפרעגונג. די הינטלעך טאנצן אויך אונטער און בילן. מאני קוקט זיך אפילו ניט איין אויף זיי: זי לאזט ניט אראפ קיין אויג פון לאך און ציט.

מיטאמאל שרייט זי אויס: — געפאנגען! געפאנגען! און פון לאך רוקט זיך ארויס א גרויסער דארש. א, צאפלט זיך דער פיש און קלאפט זיך אן איז!

ניפ און טאפ דערשרעקן זיך און לויפן אהיים.

— קום איצט אהיים! — זאגט מאני: איך וויל ווייזן דער מאמען דעם גרויסן פיש.

— ווארט א ווילע, לאז מיר אויך פאנגען! — בעט זיך מיני. — איך וועל דיר געבן דערפאר איין אויג פון פיש.

מאני ווארט. זי טשעפעט צו נאך א שטיקעלע פלייש צום שפיץ און לאזט ווידער אראפ די ווענדקע. עס פארגייען עטלעכע מינוטן און זי זאגט: — האלט זיך דיר דיין אויג. ס'איז אזוי פינצטער, אז די פיש זעען ניט און לאזן זיך ניט פארנארן. מיר איז קאלט. איך גיי אהיים.

מיני הייבט זיך לאנגזאם אויף און ציט ארויס זיי ווענדקע.

ווען זיי פארקערעווען זיך מיטן פנים צום ברעג, שרייט אויס מאני: — זע, זע, דער הימל ברענט.

און טאקע: דער הימל איז אזוי ווי אין פייער.

דער צפון-ליכט האט שוין געזען א סאך ווונדערלעכע זאכן אויפן הימל, אבער אזויגע פארבן האבן די קינדער נאך ניט געזען. זיי האבן אויסגעשטעלט די אויגן און זיך ניט געקענט אנקוקן. ליכטיקע שטראלן האבן זיך ווי פיילן צעשארפן איבערן הימל און דערנאך זיך צוזאמענגעגאסן אין איין פארביקן ציטערנדיקן פארהאנג.

מאני פילט, אז די האר שטעלן זיך איר אונטערן פוטערנעם היטל. זי כאפט אן מינין פאר א האנט.

— ווי מיינסטו, דאס ברענט די וועלט? — פרעגט זי.

אין דער זעלביקער ווילע רופט זיי עמיץ:

— מיני! מאני! ווו זייט איר?

— דא!!! דא!!! — ענטפערן זיי, און קלאפן מיט די ציין פון שרעק

און קעלט. זיי לויפן ארויף אויפן באַרג און וואַרפן זיך צו דער מאַמען אין די אָרעמס.

— אוי, מאַמע, וואָס איז דאָס אויפן הימל? — שרייען ביידע.

קולי קוקט זיך אײַן אויפן הימל. אויף אים וואַרפן זיך נאָך אַלץ אַרום לאַנגע ליכטיקע פּײַלן.

דאָס, וואָס די קינדער האָבן געזען אויפן הימל, רופט זיך „צָפון שײַן". מיר ווייסן, אַז דאָס קומט פון עלעקטרע אין דער לופט. אָבער דעם צווילינגס מוטער האָט דאָס ניט געקענט וויסן. און זי דערציילט אירע קינדער, וואָס זי האָט אַליין געהערט וועגן דעם, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע.

— דאָס טאַנצן טויטע נשָמות! — צי דען ווייסט איר דאָס דעם ערשטן מאָל? — זאָגט זי.

— ניין, אַזאַ הימל האָבן מיר נאָך ניט געזען! — ענטפערט דער צווילינג.

— יע, דער הימל איז ניט אַלעמאָל אַזאַ ליכטיקער, — זאָגט קולי. — מע זאָגט, אַז דאָס טאַנצן און שפּילן זיך אויפן הימל קינדערשע נשָמות. זיי וועלן אײַך קיין בייז ניט טאָן, האָט קיין מוֹרא ניט. זעט, ווי זיי טאַנצן אַזוי ווי אין אַ קאַראַהאָד אויפן האָריזאָנט. ווי זיי שפּילן זיך!

— אין אַזאַ ראָד, ווי דער פלאַם פון אונדזער לאָמפּ! — זאָגט מאַני. אפשר איז דאָס דער לאָמפּ פון דעם ריז?

מיני און מאָני גלויבן אין ריזן. זייער מאַמע גלויבט אויך זיי מיינען, אַז די ריזן לעבן אין מיטן פון גרויסן ווײַסן לאַנד, וווּ דער שניי צעגייט קיינמאָל ניט.

זיי שרעקן זיך פאַר די ריזן. זיי גיבן אוועק דעם פיש דער מוטער און אײַלן זיך וואָס גיכער צו קומען אַהיים איבערן פאַרשנייטן היגל. אין שטוב איז שוין אָנגעגרייט פאַר זיי הייסע בערישע פלייש. מאַני באַקומט נאָך צוויי אויגן פון אַ פיש, זי גיט אָבער איין אויג אָפּ מינין.

דערוואַרעמטע און זאַטע שלעפן די קינדער אַראָפּ פון זיך די פעלצענע קליידער, פאַרקלײַבן זיך אין די וואַרעמע פעלן פון געלעגער און שלאָפן אײַן מיט אַ טיפן שלאָף.



# אַ הויז פֿון שניי.

ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס פֿאַר אַ טאָג איז הײַנט, אָדער וויפֿיל ס'איז דער זייגער אין דעם לאַנד, וווּ ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן טאָג און נאַכט און וווּ ס'איז קיין זייגער ניטאָ.

מיני און מאַני האָבן אין זייער לעבן קיינמאָל קיין זייגער ניט געזען. און ווען איר ווײַזט זיי אַ זייגער, וואָלטן זיי נאָך געמיינט, אַז דאָס איז אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, און זיי וואָלטן זיך געווים דערשראָקן.

אָבער ס'איז ניטאָ אַזאַ אָרט אויף דער ערד, וווּ מענטשן זאָלן ניט שלאָפֿן, און די עסקימאָסן רעכענען די צײַט נאָכן שלאָף. זיי זאָגן ניט: — „מיט פֿינף טעג פֿאַר דעם, נאָר מיט פֿינף שלאָפֿן פֿאַר דעם".

אין דער נאַכט נאָכן געיעג אויפֿן בער פֿאַלט אַרויס אַ שניי. דער ווינט ברומט אַרום „איגלו" און וויט אָן הויכע בערגלעך שניי. די הינט זײַנען אײַנגאַנצן פֿאַרטראָגן, און מע מוז זיי אָפּגראָבן. מערנישט ביפּ און טאָפּ ווינען צוזאַמען מיטן צווילינג און שלאָפֿן מיט די קינדער אויף איין געלעגער.

דער צווילינג און זייערע עלטערן פֿרייען זיך, וואָס זיי קענען זיך באַהאַלטן אין דעם וואַרעמען הײַזל.

עס הערט דאָך אויף שנייען. עס לײַטערט זיך אויס, און דער צווילינג גייט אַרויס מיטן פֿאָטער פֿון „איגלו". קולי בלײַבט אין הויזן. זי זיצט אויפֿן געלעגער, אויף אַ קופּע ווייכע פֿעלן. הינטער איר רוקן איז צוגעשלאָגן אויפֿן וואַנט די בערישע פֿעל. עס איז אַ וואַרעם און געמיטלעך ווינקעלע פֿאַר דער אַרבעט.

לעבן איר אויף אַ באַנק שטייט אַ לאָמפּ. זי נייט אַ נײַעם קאָסטיום פֿאַר איר זון פֿון אַ פֿעלכל, אַ ווייכע ווי סאַמעט. דאָס איז פֿון אַ יונגן הירש. דער „קאַפּישאָן און די אַרבל זײַנען אַרומגעלייגט מיט פֿוטער פֿון אַ ווײַסן קראָליק.

דער פֿינגערהוט און די נאָדל זײַנען פֿון ביין. דאָס איז ים-פֿערד-ביין. דער פֿאָדעם איז פֿון אַ דינינקן פֿאַסיקל לעדער. דערבײַ ליגט אַ קנײַלכל פֿון אַזוינע לעדערנע פֿאָדעם.

קעשו קערט זיך באַלד אום מיט אַ טרוקענעם פֿיש און אַ שטיק בערישע פֿלייש אין האַנט. ער ברענגט עס אַרײַן פֿון אַ שפּײַז-קאַמער.

קולי רײַסט זיך אָפּ אַ רגע פֿון נייען.

— מיר דאַכט זיך, אַז ס'זײַנען שוין אַוועק פֿינף שלאָפֿן, ווי מע האָט געהרגעט דעם בער, — פֿרעגט זי.

קעשו צײלט אויף די פינגער.

— יאָ, — זאָגט ער — שוין פינף שלאָפן פארבײַ.

—שוין צײַט צו עסן דעם בערס קאָפּ,—זאָגט קולי:—דער גײַסט פונעם בער איז שוין מיט די גײַסטער פון אונדזערע געשטאָרבענע עלטערן.

— יאָ, באַמערקט קעשו, — מע קען מאַכן אַ סעודה. פון יענער צײַט אָן, זינט מע האָט געהרגעט דעם בער, האָט נאָך אין דערפֿל קיינער ניט געגעסן קיין פרישע פלייש. אַלע האָבן מערנישט ווי טרוקענע פיש, און בײַ אונדז איז נאָך פאַראַן אַזוי פיל בערן־פלייש...

קולי שפּרינגט אַראָפּ פון געלעגער און לייגט אונטער מאָך אין לאָמפּ.

— ברענג דאָס פלייש פון שפּײַז־קאַמער,—זאָגט זי,—און שיק דעם צווילינג צו אַלעמען אין די „איגלוס". זאָלן זיי פאַרבעטן אויף פאַרנאַכט די שכנים.

— גוט! — ענטפערט קעשו און גייט נאָך דעם פלייש.

* * *

קעשו קען בויען די שענסטע הײַזער פון שניי. ער האָט אויסגעבויט אַן אויסגעצייכנט הויז, ווען ס'איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער גרויסער שניי! די גאַנצע מישפּחה האָט געוווינט אין אים, ביז קולי האָט אויסגעבויט דאָס הײַזל פון שטיינער. דער צווילינג האָט געזען, ווי דער פאָטער האָט דעמאָלט געבויט.

זיי איז אויסגעקומען, אַז דאָס איז זייער גרינג, און זיי ווילן איצט אויך אויסבויען אַזאַ הויז.

קעשו זאָגט זיי:

— לויפט צו אַלע שכנים און פאַרבעט זיי צו אונדז צום זונאונטערגאַנג — זאָלן זיי קומען עסן בערן־פלייש. און איך וועל אײַך העלפן אויסבויען אַ הײַזל פאַר די הינט.

לויפן קענען מיני און מאַני ניט. און ווער וואָלט דאָס יאָ געקענט? דער שניי איז אַזוי טיף. די פיס קריכן אַרײַן ביז די קני. און דאָך לויפן זיי אַרײַן צו אַלעמען.

אַלע פרייען זיך, וואָס מע פאַרבעט זיי. קאָקאָ זאָגט: — איך וועל באַלד קומען און וועל שוין בלײַבן בײַ אײַך, אויב איר ווילט.

— קום! ענטפערט דער צווילינג.

זיי קערן זיך אום אַהיים און טרעטן אויס אַ וועגעלע.

דער שניי איז גוט צום בויען.

דערווײַלע ברענגט קעשו אין „איגלו" גרויסע שטיקער בערן־פלייש. קולי לייגט דאָס אַרײַן אין קעסעלע און האַלט אונטער די פלאַם אין לאָמפּ.

קעשו נעמט א גרויסן מעסער פון ביין און גייט העלפן דעם צווילינג.

— זעט, ווי מע דארף טאָן, — זאָגט ער צו זיי.

ער קלייבט אויס אַן אָרט, וווּ דער שניי איז טיף און ניט געריירט פון פיס. ער גיט אַ ברייטן פּאַך מיט דער האַנט און צייכנט אָן מיטן מעסער אַ קרייז אויפן שניי. דער קרייז איז אַזוי גרויס ווי דאָס הויז, וואָס מע וועט בויען. אין קרייז הייבט ער אָן אויסצושניידן שטיקער שניי. די שטיקער שטעלט ער אויף דער ליניע פון קרייז.

ער ענדיקט איין ריי, און מיני זאָגט:—איצט גיב מיר! איך וויל פּרובירן.

ער נעמט דעם פאָטערס מעסער און שניידט אויך אויס אַ שטיק, אָבער זיין שטיק איז ניט גלייך.

— עס וועט קיין זאַך ניט אַריסקומען. דאָס הויז וועט איינפאַלן, אויב די שטיקער וועלן ניט זיין קיין גלייכע—זאָגט דער פאָטער.

און ער גלייכט אויס די זייטן פון אויסגעשניטענעם שטיק שניי.

—אַלע שטיקער אין דער ריי מוזן זיין ווי אַ האָר גלייך—לערנט אים קעשו.

דאַן נעמט זיך פאַר דער אַרבעט קאָקאָ. זיין שטיק איז בעסער אויסגעשניטן. אָבער ער איז דאָך זעקס יאָר אַלט.

פאַר דאָס דריטע שטיק נעמט זיך מאָני. איר אַרבעט טויג גאָרניט. ס'איז קרום און לאָם איר שטיק. מע אַרבעט נאָך דער ריי. אָט שניידט מיני אויס אַ ציגל, אָט קאָקאָ—דעם לעצטן, און די וואַנט איז פאַרטיק.

איצט מאַכט קעשו דעם דאַך, אויך פון אַזוינע שטיקער שניי. קאָקאָ און מיני מיען זיך זייער. אָבער קיין דאַך קענען זיי ניט מאַכן. ס'איז אַ צו שווערע אַרבעט.

ווען דער דאַך ווערט פאַרטיק, זאָגט קעשו:

—איצט קען מאָני אויך העלפן! מע דאַרף אַלץ פאַרקלעפּן מיט שניי.

מאָני נעמט זיך פאַר דער לאָפּעטע. זי איז פון דריי פלאַכע שטיקלעך האָלץ, צוזאַמענגענייטע מיט לעדער, און דער בּרעג איז פון ביין. מאָני באַוואַרפט די ציגל מיט שניי און קלאַפּט זיי צו. זיי זאָלן ליגן פעסט. מיני און קאָקאָ מאַכן דערווייַלע אַ טונעל, אַקוראַט אַזאַ, ווי אין זייער „איגלו". ס'איז אַ ביטערע קעלט, אָבער די קינדער דערוואַרעמען זיך פון דער פלייסיקער אַרבעט. ווען אַלץ איז פאַרטיק, שטעלט זיך מיני אויפן דאַך. ער וויל ווייזן, ווי פעסט און שטאַרק דאָס הייזל איז.

* * *

מיני גיט אַ רוף די דריי גרויסע הינט. דער פירער איז טוקי. אָט די הינט שפּאַנט קעשו אַלעמאָל איין אין שליטן. טוקי איז נאָך דערצו אַ יאַגד-הונט.



עסקימאָסישע קינדער בויען אַ הויז פון אײַז



דאָס הויז פון שניי בײַ די עסקימאָסן

די הינט מײנען, אַז מע װיל זײ אײַנשפּאַנען. זײ באַהאַלטן זיך הינטערן „איגלו" און מאַכן זיך ניט הערנדיק. קאָקאָ און מיני גײען זײ זוכן. די הינט אַנטלױפֿן, באַהאַלטן זיך אין טונעל.

קולי קאָכט פֿלײש און מישט אין קעסעלע מיט אַ שטעקן. אױפֿן באַנק ליגט נאָך אױך אַ שטיק בערן־פֿלײש. די הינט דערשפּירן דאָס פֿלײש. זײ רוקן זיך אַרײַן אין הײַזל, און הינטער קולי'ס רוקן כאַפּט טוקי אַ שטיק.

אין דער רגע קערט זיך קולי אום. זי שרײַט און גיט טוקין אַ קלאַפּ מיטן שטעקן איבערן שנוק. נאָר טוקי לאָזט דאָס פֿלײש ניט אַרױס און לױפֿט אַרױס פֿון הײַזל. גראָד אַנטקעגן קומען אָן מיני און קאָקאָ.

— טוקי האָט אַרױסגעשלעפּט פֿלײש! — שרײַען די ײנגלעך.

קעשו לױפֿט צו מיט אַ בײַטש.

די איבעריקע הינט װילן אױך פֿלײש. זײ װאַרפֿן זיך אױף טוקין און מע נעמט זיך רײַסן. טוקי שטײט לעבן טיר. זײַן עק איז אין טונעל, מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס און מיט די צײן האַלט ער דאָס פֿלײש און שלאָגט זיך אָפּ פֿון די הינט.

קולי גיט אַ ריס טוקין פֿאַרן עק. טוקי דערשרעקט זיך און װאַרפֿט אַרױס דאָס פֿלײש, און קעשו גיט אַ שמיץ די הינט מיט זײַן בײַטש. זײ שפּרינגען אָפּ אָן אַ זײַט, און קולי רײַסט אַרױס פֿון זײ דאָס פֿלײש.

ס'איז געפֿערלעך אַרױסצורײַסן פֿלײש בײַ הונגעריקע הינט. און װען ניט קעשו מיט זײַן בײַטש, װאָלטן זײ געקענט צעבײַסן קולין.

מאָני גײט צו מיט אַ געטריקנטן פֿיש. זי װאַרפֿט צו דעם פֿיש די הינט. דער פֿיש פֿאַלט לעבן שני־הײַזעלע. די הינט צערײַסן דעם פֿיש אין אײן מינוט. מאָני װאַרפֿט זײ אַ צװײטן פֿיש, אָבער אַזױ, אַז דער פֿיש פֿאַלט אַרײַן אין הײַזל. די הינט — נאָכן פֿיש. אַזױ נאַרט זײ מאָני אַרײַן אין הײַזל און קאָרמעט זײ אָן צו זאַט. צופֿרידענע און זאַטע, דרײען זײ זיך צונױפֿ און שלאָפֿן אײַן אין הײַזל פֿון שני. װאָס מע האָט פֿאַר זײ געמאַכט.



# די סעודה.

די זון גייט אונטער. די עסקימאָסן קריכן ארויס פון זייערע הײַזלעך און גייען צו קעשון. זײַן הײַזל איז אזוי קליין, אז עס איז שווער צו גלויבן, אַלע זאָלן קענען אהין ארײַנגיין. אָבער די עסקימאָסן זײַנען אײַנגעוווינט צו ענגשאפט. מע זעט דאָך אָפט, ווי א גאנצע פאמיליע, א מאַן, א פרוי און קינדער וווינען אין א הײַזל, וואָס פאַרנעמט ניט מער אָרט ווי א גוטע בעט.

דער ערשטער קריכט ארויס פון זײַן „איגלו" אנגאגאָק. ער געפינט שוין אַלעמאָל ווי גוט אָפצועסן, הײַנט איז ער נאָך דיקער ווי אַלעמאָל. ביידע ווײַבער זײַנע זײַנען מאָגערע, און די פּנימער זייערע—ברוינע, געקנייטשטע, ווי געבאַקענע עפּל.

געקומען צו קעשוס הײַזל, נעמט אנגאגאָק דער ערשטער קריכן אין טונעל. אָבער ער בלײַבט שטעקן אין מיטן און ניט פון אָרט. דער טונעל איז צו ענג פאַר זײַן דיקן גוף. הינטער אים קריכן זײַנע ווײַבער און די איבעריקע געסט. מע רירט זיך אָבער ניט פון אָרט, ווײַל ער האָט פאַרשפּאַרט דעם וועג.

קעשו, קולי, דער צווילינג, ניפּ און טאָפּ זײַנען אין „איגלו". זיי דערזעען אין טונעל אנגאגאָקס פּנים. ער איז רויט פון ציען זיך און פון כּעס. קעשו און קולי ציען אים פאַרויס פאַר די הענט, די ווײַבער שטופּן אים פון הינטן, און ער שרײַט, אז מע רײַסט אים די הויט אראָפּ.

אנגאגאָק שטופּט זיך מיט די פיס אויף צוריק. ער גיט א שטופּ זײַנע ווײַבער, און זיי שטופּן ניט ווילנדיק קאָקאָס מאמען, וואָס איז מיט א קליין קינד אויפן רוקן. פון שטופּ האָט זיך דאָס קינד א קלאַפּ געטאָן אָן באַלקן פון טונעל און האָט אָנגעהויבן וויינען. ס'איז געוואָרן אזא רעש, אז דער צווילינג האָט זיך דערשראָקן און האָט זיך פאַררוקט אין א ווינקל. די הינטלעך האָבן זיך צעבילט. מיט גרויס מי שטופּט זיך אנגאגאָק פאָרט ארײַן אין „איגלו" און פאַרנעמט דעם בעסטן אָרט לעבן פײַער. זײַנע ווײַבער קריכן ארײַן אין בעט.

אויף א סעודה זיצן די פרויען און די קינדער אַלעמאָל פון הינטן.

ווען קאָקאָס מוטער גייט ארײַן אין שטיבל, וויינט נאָך איר קליין קינד. זי קריכט אויך ארויף מיט אים אויפן בעט. מיני און מאָני ווײַזן דעם קינד די הענטלעך, שפּילן זיך מיט אים, און דאָס עופּעהלע ווערט פריילעכער, הערט אויף צו וויינען. אַלע געסט—די פרויען און

די קינדער—קריכן אַרײַן אין בעט. די מענער זיצן אויפן ברעג בעט, די פיס אַראָפּגעלאָזן.

דאָס געקאָכטע פלייש שמעקט אַזוי געשמאַק, און אַלע ווערן פריילעך. קולי שטעלט אַוועק די קעסעלעך מיט פלייש און דעם בערס קאָפּ אויפן דיל. דערנאָך קריכט זי אַרײַן אין בעט, ווי אַלע פרויען.

דער ערשטער נעמט זיך פאַרן עסן אַנגאַגאָק. ער בייגט זיך אײַן און נעמט אַ שטיק פלייש. נאָך אים—די איבעריקע מענער; דערנאָך שוין גיט מען די פרויען און די קינדער.

אַלע געסט עסן מיט גרויס אַפּעטיט. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס ס'איז אָן זאַלץ און אָן ברויט. באַלד איז אַלץ אויפגעגעסן ביז אַ ברעקל.

מער פון אַלעמען האָט זיך אָנגעגעסן אַנגאַגאָק. ער איז צופרידן, און זײַן פּנים שײַנט.

די פרויען פּלאַפּלען אין זייער ווינקל. קולי ווײַזט קאָקאָס מוטער דעם פעלצענעם קאָסטיום, וואָס זי האָט אויפגענייט פאַר מינין. קאָקאָס מאַמע זאָגט, אַז זי מוז אויפנייען פאַר איר זון אויך אַזאַ קאָסטיום.

דער צווילינג און קאָקאָ ריידן וועגן דעם, ווי זיי וועלן שטעלן אַ פאַנג-נעץ פאַר האָזן, ווי נאָר ס'וועלן זיך ווידער אָנהייבן לאַנגע טעג. דאָס עופהעלע איז אײַנגעשלאָפן מיט אַ זיסן שלאָף אויף די ווייכע פעלן. מיני קאַרמעט אָן די הינטלעך מיט די שטיקלעך פון זײַן חלק און גיט זיי נאָך צו איין ביינדעלע. זיי פאַררוקן די ביינדעלעך אונטערן קליין קינד און שלאָפן אויך אײַן.

* * *

אַנגאַגאָק קערט זיך אָפּ צו דער וואַנט. ער טוט אַזוי אַלעמאָל, ווען ער קלײַבט זיך וואָס צו דערציילן אָדער צו זינגען. אַלע הערן זיך אײַן זייער אויפמערקזאַם, ווען ער דערציילט עפּעס. זיי גלויבן, אַז ער ווייס אַלע סודות פון דער זון, פון דער לבֿנה און פון די שטערן. אים אַליין דוכט זיך אויך, אַז ער ווייס אַלץ. און אַנגאַגאָק הייבט אָן צו דערציילן, ווי ער הייבט זיך אויף אויף דער לבֿנה, ווי ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן דעק פון ים און ווי ער זאָרגט, אַז די עסקימאָסן זאָלן האָבן וואָס צו עסן. ער שיקט אָן ים-פערד און ים-הינט צו די ברעגעס; ער, אַנגאַגאָק, האָט דאָס צוגעשיקט דעם גרויסן בער, וואָס אַלע עסן איצט זײַן פלייש.

אַלע האָרכן און גלויבן. מער[!]נישט קאָקאָ קען זיך ניט אײַנהאַלטן. ער כאַפּט זיך אַרויס און פרעגט בײַ זײַן מאַמען:

„אויב אַנגאַגאָק קען אַלץ, ווי ער דערציילט, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך ניט געקענט דורכשטופּן דורכן טונעל אַליין?

די מוטער וויל אים פארשטאָפּן דעם מויל, ער זאָל שווײַגן. אָבער אין „איגלו" איז פינצטערלעך און ניט ווילנדיק פארשטאָפּט זי גאָר מיט דער האַנט מיניס מויל.



קאָקאָ קען זיך ניט באַרויִקן:

— מאמע, זאָג, פארוואָס האָט אנגאַגאָק ניט געקענט אליין אַרײַנקריכן דורכן טונעל?

קאָקאָס מאמע דערשרעקט זיך. זי האָט דאָך אים פארשטאָפּט דעם מויל, און ער רעדט, ווי ניט אים מיינט מען דאָס. זי הייבט אָן שרײַען:

— ליכט, ליכט! מײַן זון איז פארכישופט, איך פארשטאָפּ אים דעם מויל, און ער הערט ניט אויף צו ריידן!

קעשו כאַפּט דעם לאָמפּ און שטעלט אים אוועק אויף דער באַנק; ס'ווערט ליכטיקער, און אלע זעען, אַז קאָקאָס מאמע האלט איר האַנט גאָר אויף מיניס מויל און ניט אויף קאָקאָס. אלע הייבן אָן צו לאַכן, אײן אנגאַגאָק איז אָנגעבלאָזן. אים געפעלט ניט, וואָס קאָקאָ רעדט.

קאָקאָס טאַטע פארענטפערט זײַן זון:

— ער איז דאָך מער נישט ווי זעקס יאָר אלט, — זאָגט ער.

אלע לאַכן און אנגאַגאָק בורטשעט:

— א ייִנגל פון זעקס יאָר דארף שוין זײַן קליגער.

* * *

אנגאַגאָק האָט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן די גרויסע ניסים, וואָס ער קען אויפטאָן, און איינער פון די געסט זאָגט:

— קעשו, דערצייל אונדז, ווי דו ביסט געפאָרן אויף דָרום.

קעשו דערציילט, ווי ער איז אַמאָל פארפאָרן גאָר ווײַט מיט זײַנע הינט. דער שליטן איז בײַ אים געווען אָנגעלאָדן מיט פעלן. ער איז געקומען אין א דערפל, וווּ אלע הײַזער זײַנען געווען הילצערנע. ער גיט זײַן ערן וואָרט, אַז זיי זײַנען טאַקע אלע געווען פון האָלץ.

און אין יַם איז געשטאַנען לעבן ברעג א גוואלטיק גרויסע שיף, אזוי גרויס, ווי דער גרעסטער פעלז. די שיף האָט געהאַט מאָדנע ווײַסע פליגלען; א שטאַרקער ווינט האָט געווייט און געטריבן די שיף.

קעשו האָט זיך געזעצט אין זיין קאַיאַק (אַ שיפל אַזאַ פון ביינער, באַצויגן מיט פעל). ער איז צוגעשוווּמען. ער האָט געוואָלט זען נעענ־טער דעם גרויסן הונדער. די מענטשן, וואָס זיינען געווען אויף דער שיף, האָבן געהאַט ווייסע האָר. דער עלטסטער פון דער שיף האָט געקויפט ביי אים, ביי קעשון, פעלן און איין הונט. דער עלטסטער האָט געהייסן נאַנסען.

ער האָט דערציילט קעשון, אַז ער וויל מיטנעמען הינט און אַ שליטן און פאָרן אין דעם לאַנד פון די ריזן. ער וויל דורכפאָרן דעם גאַנצן אייז. קיין מענטש איז נאָך דאָרטן ניט געווען, זייט די וועלט שטייט.

קעשו מיינט, אַז די ריזן האָבן געווים צעריסן דעם ווייסן מענטשן, ווייל ער, קעשו, האָט אים שוין מער ניט געזען. קעשו האָט געוויזן אַ גרויסן מעסער, וואָס דער ווייסער מענטש האָט אים געגעבן פאַר אַ פעל פון אַ ים־הונט. ער האָט אים אויך געגעבן צוויי נאָדלען פון שטאָל פאַר קולין. און זי, קולי, האַלט די נאָדלען אין ביינערן קעסטעלע.

דאָס קעסטעלע טראָגט קולי אַלעמאָל אין „קאָמיק" (אין שטיוול), ווייל זי האָט עס מורא צו פאַרלירן. און ווי וווּנדערלעך עס נייט זיך מיט די נאָדלען! קולי גרויסט זיך מיט איר נייען. קיינער קען ניט אַזוי נייען ווי זי. קיינער האָט ניט אַזוינע וווּנדערלעכע נאָדלען; זי באַנוצט זיי מערנישט פאַר דער פיינסטער אַרבעט.

דער ערשטער קלייבט זיך אַהיים אַנגאַגאָק. — שוין צייט צו גיין אַהיים. זיינע ווייבער קריכן אַראָפּ פון בעט. נאָך זיי ריזן זיך די אי־בעריקע געסט אויך. זיי שלעפּן אַרויף אויף זיך די פעלצן, וואָס זיי האָבן אויסגעטאָן אין וואַרעמען „איגלו". געזעגענען זיך און קריכן אַרויס דורכן טונעל.

ווי וועט אָבער אַרויסגיין אַנגאַגאָק? אויב ס'איז אים געווען אַזוי שווער פאַרן עסן, ווי וועט שוין זיין איצט, ווען ער האָט זיך אַזוי אָנגעגעסן?

ער האָט אויסגעטאָן פון זיך אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט, האָט זיך אויסגעצויגן און אָנגעהויבן זיך דורכשטופּן. קוים אַרויס פון טונעל. נאָך אים — זיינע ווייבער. די קינדער און די הינטלעך זיינען געשלאָפן אין זייער ווינקל אויפן געלעגער. דער פאָטער און די מוטער האָבן קלענער געמאַכט דאָס פייערל אין לאָמפּ און זיך געלייגט לעבן די קינדער אונטער די וואַרעמע פעלן.



# די יאַגד אויף אַ הירש.

ס'איז נאָך זייער קאַלט, אָבער אין דער לופט פילט זיך שוין דער פרילינג. מיני גייט ארויס געבן עסן די הינט און ער דערזעט אַ טשאַטע ראָבן, וואָס פליען אויף צפון.

קאָקאָ האָט שוין הינט געזען ים-פייגל.

אין צוויי טעג ארום שפילן זיך די קינדער אויפן גרויסן פעלד און זיי זעען, ווי עס שווימט פארביי אַ מוראַדיקער אייזבארג. ער האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון אַ גלעטשער אויפן ווייטן צפון און שווימט לאַנגזאַם אויף דרום. דער אייזבארג פינקלט אויף דער זון ווי אַ פּאַלאַץ פון אייז.

איינמאָל אינדערפרי באַוויזט זיך אַ געדיכטער נעפּל. קעשו זאָגט:

— אַ גוטער טאָג צו גיין פאַנגען אַ הירש.

— נעם מיך מיט! — בעט זיך מיני.

מאַני וואָגט אפילו ניט צו בעטן. זי ווייס, אַז מע וועט זי סיי ווי ניט נעמען.

קעשו פאַרטראַכט זיך.

— נו, אויב קאָקאָס פאָטער וועט מיטגיין, קען מען דיך און קאָקאָן מיטנעמען. איר זייט נאָך צו קליין פאַר דער יאַגד, אָבער פאַר יינגלעך איז קיינמאָל ניט צו פרי אָנצוהייבן!—זאָגט דער פאָטער.

מיני איז גליקלעך. ער לויפט צו קאָקאָס הויז און דערציילט איבער, וואָס דער פאָטער האָט געזאָגט.

קאָקאָס פאָטער הערט אים אויס און ענטפערט:

— זאָג דיין פאָטער, אַז מיר וועלן גיין!

באַלד זיינען שוין אַלע גרייט. קעשו איז באַוואָפנט מיט אַ בויגן, פיילן און אַ שפיז. קאָקאָס פאָטער אויך אַזוי. מיני האָט אַ קליינעם בויגן מיט פיילן.

קעשו טוט אָן אויף טוקין אַ געשפּאַן און בינדט ארום מיט די רימענס מינין. קאָקאָס פאָטער ברענגט אויך זיין בעסטן יאַגד-הונט און בינדט אים צו צו זיין זון. די יעגער לאָזן זיך אין וועג אריין. מיני און קאָקאָ טרייבן די הינט פאָרויס. מאַני שטייט אויפן גרויסן פעלד און באַגלייט זיי מיט אומעטיקע בליקן, ביז זיי פארשווינדן אין נעפּל. גיפּ און טאָפּ זיינען מיט איר. זיי ווילן נאָכלויפן נאָך מינין, און זי האַלט זיי קוים אָפּ.

* * *

קעשו ווייס גוט ווו צו זוכן א הירש. ער פירט די יעגער איבער א בארגשפּאַלט, וווּ עס באַוואַקסט זיך אין פרילינג דער ערשטער גרינער מאָך. עטלעכע קילאָמעטער גייען זיי שווײַגנדיק.

זיי געפינען שוין אויכן שפּיץ פון שפּאַלט. קעשו שטעלט זיך אָפּ און זאָגט צו די ייִנגלעך:

— טומלט ניט און לאָזט די הינט ניט בילן! אויב ניט, וועט איר קיין הירש אין די אויגן ניט אָנזען!

די ייִנגלעך ווערן אַנטשוויגן. די הינט ווייסן שוין אַליין ווי זיך צו פירן אויף יאַגד: זיי בילן ניט.

די יעגער גייען נאָך א ביסל ווײַטער. קעשו זאָגט גאָר שטיל:

— מיר קומען אין אן אָרט, וווּ מיר וועלן, קען זײַן, געפינען א הירש. דער ווינט בלאָזט פון דָרום. דער הירש וועט אונדז דערשפּירן, אויב מיר וועלן גיין אין דער פריערדיקער ריכטונג. מע דאַרף גיין אַרום און אַרום, דער ווינט זאָל בלאָזן ניט פון אונדז צו אים, נאָר פאַרקערט: פון אים צו אונדז!

זיי פאַרקירעווען זיך אויף רעכטס און גייען אויף צָפון. זיי גייען דורך עטלעכע טריט און דערזעען אויפן שניי פרישע שפּורן פון א הירש. די הינט הייבן אָן צו שמעקן און זיך רײַסן פון געשפּאַן.

— זיי שפּירן שוין! — זאָגט שטיל קעשו. — האַלט זיי פעסטער! לאָזט זיי ניט אָפּ!

מיני און קאָקאָ האַלטן אײַן די הינט מיט גרויס מי. קעשו און קאָקאָס פאָטער גייען פאָרויס גאָר שטיל און האַלטן די בויגנס גרייט. א געדיכטער נעפּל שפּרייט זיך פאַר זיי. מיטאַמאָל באַווײַזן זיך אין נעפּל צוויי גרויסע שאָטנס. די יעגער לאָזן זיך אַראָפּ אויף איין קני און צילן זיך.

די הירשן באַמערקן דאָס ניט. זיי האָבן ניט געחושט, אַז די יעגער זײַנען אַזוי נאָענט, ביז וואַנען זיי האָבן ניט דערשפּירט דעם שטאָך פון די פײַלן. איין הירש איז געפאַלן צו דער ערד. דעם צווייטן האָט מען ניט געטראָפן. ער הייבט־אויף דעם קאָפּ און אַנטלויפט. לאַנג נאָך הערט זיך אין נעפּל דער קלאַפּ פון זײַנע קאָפּיטעס.

ווי נאָר די הינט דערהערן דעם פײַף פון די פײַלן, גיבן זיי זיך א ריס פאָרויס. קאָקאָ און מיני האָבן ניט קיין כּוח זיי אײַנצוהאַלטן אויף אן אָרט. און מיטלויפן מיט די הינט באַווײַזן זיי אויך ניט. די הינט שלעפּן זיי מיט נאָך זיך ווי שליטלעך. זיי גליטשן זיך איבערן שניי.

דער שניי איז האַרט, ניט גלײַך. מע שטויסט זיך אָן און ס'טוט וויי. אָבער די קליינע עסקימאָסן קענען אַלץ אַריבערטראָגן: זיי ווייסן, אַז מיט אַ געשריי וועלן זיי איבערשרעקן דעם הירש. דערפאַר לאָזן זיי אַפילו קיין קרעכץ ניט אַרויס.

צום גליק דויערט עס ניט לאַנג. ווען קעשו און קאַקאַס פאָטער דערזעען, ווי די הינט שלעפן די יינגלעך, לאַכן זיי נאָך.

— וואָס אײַלט איר זיך אַזוי! — זאָגן די יעגער — ס'איז דאָ צײַט!

זיי בינדן אָפּ די קינדער און בינדן צו דעם געהרגעטן הירש צו די הינט. קאַקאַס פאָטער טרײַבט אָן, און אַלע קערן זיך אום אַהיים.

דער נעפּל צעזייט זיך און דער הימל ווערט קלאָר.

מאַני שפּילט זיך אין „איגלו" מיט איר ליאַלקע. זי דערהערט, ווי טוקי בילט. זי דערקענט גלײַך זייער הונטס בילן. זי און קולי אײַלן זיך אַרויס פון טונעל, אָבער ניפּ און טאָפּ פאַרלויפן שוין דעם וועג.

קאַקאַס מוטער מיט איר קליין קינד וואַרט אויך אויף די יעגער. קולי גיט זי אַ רוף, און זי רופט שוין אַנגאַגאַקס ווײַבער, וואָס האַלטן אין רייניקן אַ בערישע פעל אויפן שניי.

אַלע לויפן אַנטקעגן די יעגער. קאַקאַ און מיני ווײַזן מיט שטאָלץ דעם געהרגעטן הירש.

לעבן דערפעל באַגעגנט זיי אַנגאַגאַק. ער האָט געוואָלט דעריאָגן די איבעריקע, אָבער ער האָט קוים געצויגן דעם אָטעם לויפנדיק.

— וואָס האָט איר מיך ניט גערופן? — פרעגט ער מיט כּעס.

די ווײַבער דערשרעקן זיך און שווײַגן. די איבעריקע ריידן אויך ניט. אַנגאַגאַק טאַפּט דעם הירש און פרעגט די יעגער:

— וואָסער חלק וועט איר מיר געבן?

— דעם לעבער! — באַט אָן קעשו.

ער דערמאָנט זיך די מײַסע מיטן בערס לעבער.

אָבער אַנגאַגאַק האָט פאַריבל.

— וועמען וועט מען אָוועקגעבן דעם הירשס מאָגן? — פרעגט ער — דער מאָגן איז דאָך דער געשמאַקסטער חלק!

— נעם זיך דיר דעם מאָגן, זײַ אַזוי גוט! — ענטפערט קעשו איידל.

קולי און מאַני זײַנען אַנטוישט. זיי האָט זיך אַזוי געוואָלט פאַרזוכן דעם מאָגן.

אַנגאַגאַק זאָגט: — גוט, איך נעם דעם מאָגן, אויב איר ווילט אַזוי. איך האָב אין חלום געזען הײַנט אונדזער גרויסן גאָט טאָרנאַק, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל עסן דעם מאָגן פון הירש. אָ, דאָס

האָב איך דאָך געמאַכט, איר זאָלט געפינען שפּייז. און דערפאַר ווילט איר טאַקע זיך צעטיילן מיט מיר.

ער האָט געוואַרט, ביז וואַנען קעשו און קאָקאָס פאָטער האָבן אָפּגעשוּנדן דעם הירש. דערנאָך האָבן זיי אים געגעבן דעם געשמאַקן ביסן, און ער איז אַוועק אין זײַן „איגלו" שײַנענדיק פון פרייד.



# מיני און קאַקאַ גייען אליין אויף יאַגד.

ס'איז אַ גליק, וואָס דעם צווילינגס פאָטער קען אַזוי קונציק שווימען אויף זײַן קאַיאַק*) און קירעווען אים. פאַרוואָס דאָס איז אַ גליק, וועט איר באַלד זען. איך וועל אײַך דערציילן, ווי מיני און קאַקאַ זײַנען אַמאָל אַוועק איבערן אײַז אויף יאַגד.

ס'איז שוין אַפּריל מאָנאַט. גאָר פרי נעמט זיך קעשו פאַר זײַן קאַיאַק. ער גרייט אים צו דער ערשטער פרילינג-יאַגד אויף ים-פערד. קאַקאַ און מיני קוקן, ווי קעשו אַרבעט. מאַני און קולי זײַנען אין הײַזל.

קאַקאַ זאָגט צו מינין:

— לאָמיר גיין זוכן נאָרעס פון ים-הינט אויפן אײַז!

— גוט! — זאָגט מיני. — נעם דעם בויגן מיט די פײַלן, און איך וועל נעמען דעם שפיז. אפשר וועלן מיר עפּעס פאַנגען!

קאַקאַ האָט אַ קליינעם בויגן פון אַ הירשענעם האָרן און ביינערנע פײַלן, און מיניס בויגן איז פון האָלץ, וואָס איז צוגעשווומען צום ברעג. דער פאָטער האָט עס אים געמאַכט.

— ווייסט וואָס! — זאָגט מיני: — לאָמיר גיין אויף יאַגד ווי דער פאָטער! דו שיס, און איך וועל וואַרפן דעם שפיז! אָ, וועלן זיך אונדזערע וווּנדערן, אַז מיר וועלן ברענגען אַ גרויסן פאַנג. איך וועל אַלץ אָפּגעבן דער מאַמען.

— איך וועל זיך יאָגן נאָך פייגל און ים-הינט! — זאָגט קאַקאַ.

קעשו איז אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט, אַז ער הערט ניט זייער געשפּרעך.

די יינגלעך גייען צו אַהיים נאָך די געווער און לויפן שפּרינגענ-דיק אויפן אײַז. קיינער באַמערקט ניט, ווי זיי גייען אַוועק.

ניפּ און טאָפּ לויפן מיט.

אויפן וועג זוכן זיי אויפן אײַז נאָרעס פון ים-הינט. ס'איז זייער שווער זיי צו געפינען, ווײַל די לעכער זײַנען זייער קליינע. די מוטער-ים-הונט באַהאַלט אירע קינדער אין די זיכערסטע ערטער. די ים-הינט טוען דאָס אַזוי: ווי נאָר דאָס וואַסער נעמט אין האַרבסט אײַנפרירן, גריזשען זיי אויס לעכער אין אײַז, עס זאָל צוקומען לופט. אָבער דאָ איז אַזוי קאַלט, אַז דאָס וואַסער ווערט באַלד ווידער אײַנגעפראָרן; מוזן די ים-הינט שטענדיק גריזשען דעם אײַז. זיי שלאָפן נאָר עטלעכע

מינוטן און נעמען זיך ווידער פאַר די לעכער. די לופט זאָל קענען פריי אַרײַנגיין. אויפן אײַז ליגט אַ טיפער שניי. יעדער ים-הונט (די מוטער) גראָבט אויס אונטערן שניי אַ קליין „איגלו" אַרום דעם שפּאַלט. און אויבן אין שניי מאַכט זי אויך אַ קליין לעכעלע, אַ'ר קינד זאָל זײַן גוט באַהאַלטן און זאָל האָבן מיט וואָס צו אָטעמען. די מוטער לאָזט איבער איר קינד אין שנייִקן הײַזל און אַליין לאָזט זי זיך אַראָפּ אין וואַסער דורכן לאָך. אַלע ווײַלע קערט זי זיך אום— ווי אָטעמט אַרײַן פרישע לופט און זעט, צי דאָס קינד איז גאַנץ.

דאָס קליין לעכעלע פון אַזאַ הײַזעלע האָבן דאָס קאָקאָ און מיני צו געפינען אויפן אײַז. די טעג זײַנען שוין לענגערע, די לופט איז געפעלדיק. פון צײַט צו צײַט דערהערט זיך אַ קנאַק.

— דער אײַז רירט זיך שוין — זאָגט קאָקאָ: — דו הערסט, ווי ער קנאַקט? דער פאָטער מיינט, אַז הײַ-יאָר וועט זיך דער פרילינג אָנהייבן גאָר פרי.

די קינדער זײַנען געווען שוין גאָר ווײַט פון ברעג. מיטאַמאָל רופט זיך אָפּ מיני: — זע, זע!

ער ווײַזט אויף צפון. אויפן אײַז זעט זיך אַ טשאַטע ים-פייגל.

— איך וועל אויסשיסן! — זאָגט קאָקאָ — דו שטיי און האַלט צו די הינטלעך! ניפּ און טאָפּ פאַרשטייען נאָך גאָרנישט. זיי קענען נאָך איבערשרעקן די פייגל.

קאָקאָ לויפט צו צו די פייגל, אָבער גאָר שטיל. מיני זעצט זיך צו-אויפן אײַז, האַלטנדיק אונטער די אָרעמס ניפּן און טאָפּן. זיך צוגע-גנבעט צו די פייגל, נעמט קאָקאָ זיך ציִלן און לאָזט אַרויס אַ פײַל. די פײַל טרעפט ניט אין ציל און שרעקט מער ניט איבער די פייגל. זיי הייבן זיך אויף אין דער לופט, פליִען אָפּ אַ שטיקל און לאָזן זיך ווײַטער אַראָפּ אויפן אײַז. קאָקאָ יאָגט זיך נאָך. מיטאַמאָל דערהערט עפּעס מיני אַ מאָדנעם קלאַנג: „פּלעפּ-פּלעפּ-פּלעפּ!" ס'הערט זיך גאָר דערבײַ. ניפּ און טאָפּ נעמען בורטשען, שמעקן און גראָבן דעם שניי.

דער פאָטער האָט דערציילט מינין וועגן דער יאָגד אויף ים-הינט. דער יינגל ווייס, וואָס דאָס איז פאַר אַ פּלעפּ-פּלעפּ. דאָס איז אַ ים-הונט צוגעשווומען צו אַ לאָך און אָטעמט. די לאָך איז גאָר נאָענט פון אים, פון מינין. מיני האַלט אײַן די הינטלעך, אָבער ס'גיט זיך אים ניט אײַן. זיי לויפן אַרום איבערן שניי, שמעקן, פּישטשען און בילן.

ס'איז שטיל געוואָרן. דער ים-הונט האָט זיך באַהאַלטן אונטערן אײַז. אָבער מיני וויל אויפזוכן דעם שפּאַלט. פאַרכאַפּט פון זוכן, גייט ער צו כמעט ביזן אָפענעם וואַסער. אָט איז די לאָך הינטער דער קריע.

ער קריכט פֿאַרזיכטיק צו אויפֿן בויך און קוקט אַרײַן אין לאָך. ס'זעט זיך קיין זאַך ניט!

דאַן לאָזט ער אַראָפּ אין לאָך זײַן שפּיז. דער שפּיז רירט אָן עפּעס ווייכס, וואָס רירט זיך. מיני שטעלט זיך. ער ציטערט פֿון אויפֿ= רעגונג. ער ווייס, אַז ער האָט געפֿונען די נאָרע פֿון אַ ים=הונט.

און אין איר איז דאָ אַ לעבעדיקער ים=הונט!

ער גיט אַ קלאַפּ וויפֿיל כּוח ער האָט מיטן שפּיז אין שניי. דער שניי פֿאַלט אײַן. מיני לאָזט זיך אַראָפּ אויפֿן שניי, אָבער דעם שפּיז האַלט ער אײַן אין האַנט. דער שפּיז איז אונטערן שניי און רירט זיך. מיני פֿאַרשטייט, אַז ער האָט געטראָפֿן אין ים=הונט. ער ליגט גאָר שטיל, לאָזט ניט אַרויס דעם שפּיז און דריקט אויף אים מיט זײַן גאַנצן גוף. ניפּ און טאָפּ זײַנען אַזוי ווי פֿון זינען אַראָפּ. זיי שפּרינגען, בילן און גראָבן דעם שניי מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס.

אָבער אָט הערט זיך אויף צו דרייען דער שפּיז. מיני גראָבט פֿאַרזיכטיק פֿונאַנדער דעם שניי. אונטערן שניי ליגט אַ קלײנער ווײַסער ים=הונט. ער איז נאָך צו קליין און קען נאָך ניט מיטשווימען מיט זײַן מוטער. דערפֿאַר האָט אים געקענט צוהרגענען אַזאַ קליינער יינגל ווי מיני.

מיני שלעפּט אַרויס דעם ים=הונט אויפֿן אײַז. ער איז אַזוי פֿאַרנומען און אויפֿגערעגט, אַז ער באַמערקט ניט, ווי נאָענט דאָס אָפֿענע וואַסער איז.

* * *

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ שטאַרקער קנאַל. און מיני פֿילט, ווי דער אײַז רירט זיך אונטער אים. ער קוקט זיך אַרום: צווישן אים און צווישן ברעג זעט זיך אַ שמאָלער פּאַס בלויע וואַסער.

דער פּאַס ווערט אַלץ ברייטער. מיני פֿאַרשטייט, אַז ער איז אויף אַן אָפּגעריסענער קריע, און דערשרעקט זיך. ניפּ און טאָפּ טוליען זיך צו אים און סקאַווטשען פֿון שרעק.

מיני פֿאַרשטייט, אַז עס ווערט אים אַוועקטראָגן אין ים און אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן צוריק. ער לייגט צו די האַנט צום מויל און הייבט אָן צו שרײַען. קאָקאָ יאָגט זיך גאָך אַלץ נאָך די פֿייגל און הערט ניט זײַן געשריי. מיני זעט, ווי ער לויפֿט אויפֿן ברעג נאָך די פֿייגל. ער זעט אויך, ווי דער פֿאָטער אַרבעט לעבן הײַזל אויף זײַן קאַיאַק. ער זעט אַפֿילו, ווי מאַני איז אַרויס פֿון טונעל און קוקט אויפֿן פֿאָטערס אַרבעט. אים דוכט זיך, אַז זיי זײַנען זייער ווײַט פֿון אים. און מיט יעדער מינוט שטופּט זיך די קריע אַלץ ווײַטער אָפּ

פון ברעג. מיני שרײַט נאָך א מאָל און נאָך א מאָל... נאָכן דריטן געשריי שטעלט זיך דער פאָטער, פארשטעלט די אויגן מיט דער האַנט און קוקט אויפֿן ים.

ווי נאָר מיני דערזעט, אז דער פאָטער לויפֿט צו אים מיטן קאַיאַק, באַרויִקט ער זיך. ער איז זיכער, אז דער פאָטער וועט אים ראַטעווען. ער שרעקט זיך אפילו ניט פאַר די קריעס, וואָס שווימען ארום, כאָטש ס׳איז זייער געפערלעך צו שווימען אויף א קאַיאַק צווישן קריעס. ס׳איז געווען א שטיק פון א קריע, דער קאַיאַק זאָל זיך אויסקערן. קעשו לויפֿט מיטן קאַיאַק איבערן אײַז, ווי לאַנג עס לאָזט זיך.

דערנאָך לאָזט ער פאָרזיכטיק אראָפּ דעם קאַיאַק אין וואַסער און רודערט אזוי גיך, ווי נאָר די כּוחות לאָזן אים. מינין זוכט זיך, אז דער פאָטער וועט קיינמאָל ניט צושווימען צו אים. ער זיצט שטיל אויף זײַן קריע. לעבן אים ליגט דער טויטער ים-הונט. ניפּ און טאָפּ האָבן זיך צוגעדריקט צו אים.

קעשו איז שוין אזוי נאָענט, אז זיי קענען זיך צונויפֿריידן.

— מיני! — שרײַט דער פאָטער — טו גיך, וואָס איך וועל דיר הייסן. און איך וועל דיך ראַטעווען! איך וועל דיר צוװאַרפֿן א האַרפּון. זאָלסט אים ארײַנדראַקן אין אײַז. דאַן וועל איך צוציען דײַן גאַנצע קריע צום ברעג. ווען מיר וועלן צושווימען צו א גרויסער קריע, וועל איך דיך אריבערנעמען אין קאַיאַק. זײַ גרייט! ווען איך וועל געבן א געשריי, שפרינג אריבער פון דײַן קריע אויפן שטאַרקן אײַז!

קעשו גיט א וואָרף דעם האַרפּון. מיני האַקט אים ארײַן אין אײַז. קעשו גיט לאַנגזאַם א צי דעם רימען, פארקירעוועט דעם קאַיאַק און שווימט צום ברעג.

ס׳איז א געפערלעכער וועג: מע מוז זיך אויסדרייען פון די קריעס. קעשו שווימט מיט גרויס פאָרזיכטיקייט.

* * *

זיי שווימען צו צו דעם אָרט, ווו דער אײַז האָט זיך אָפּגעבראָכן אונטער מינין. עס באַווײַזט זיך א קאָפּ מיט גרויסע רונדע אויגן. דאָס איז די מוטער פון דעם דערהרגעטן ים-הונט. זי זוכט איר קינד.

ווי נאָר קעשו דערזעט דעם ים-הונט, פארוואַרפֿט ער אין אים א צווייטן האַרפּון, וואָס ער האָט געהאַט אין קאַיאַק. דאָס איז גאָר א לאַנגער שטאַרקער רימען מיט א שאַרפֿן ביינערנעם האָקן אויפֿן שפּיץ.

דער ים-הונט האָט זיך אראָפּגעלאָזן אין וואַסער מיטשלעפּנדיק דעם רימען. אָבער צום רימען איז צוגעבונדן א פענכער און ער

שווימט באַלד אַרויף פון אויבן. זעט קעשו, ווי דער ים-הונט איז, ער האָט געטראָפן מיטן שפּיז אין ים-הונט. ס'איז שווער צו שלעפּן די קריע, דאָך ווילט זיך אים ניט אַרויסלאָזן דעם ים-הונט אויך.
ער שרײַט צו מינין: — זײַ רויִק און וואַרט, ביז וואַנען איך וועל זיך אומקערן צו דיר.

קעשו שנײַדט פלינק אָפּ דעם רימען, וואָס ער שלעפּט מיט אים די קריע. די קריע נעמט ווידער שווימען. אַ באַפרײַטער נעמט קעשו קירעווען דעם קאַיאַק צום פענכער, וואָס שווימט אין וואַסער אַ רעכטע שטיקל ווײַטער. מיני רירט זיך ניט און באַגלייט מיט די אויגן דעם פּאָטער. קעשו איז שוין לעבן פענכער און ער שלעפּט צו זיך דעם רימען. אָבער אין דער רגע גיט זיך דער ים-הונט אַ קער און שווימט צו אונטערן קאַיאַק. נאָך אַ סעקונדע, און דער קאַיאַק וואָלט זיך איבערגעקערט. מיני שרײַט. די מענטשן אויפן ברעג אויך. קאָקאָס פּאָטער וואַרפט זיך צו זײַן קאַיאַק. ער מיינט, אַז קעשו וועט זיך ניט ספּראַווען מיטן ים-הונט און מיט דער קריע, און ער וויל אים העלפן. איין רגע דויערט עס, און קעשו זיצט שוין אין קאַיאַק ווי פריער. דאָס וואַסער האָט זיך ניט אַרײַנגעגאָסן אין קאַיאַק, ווײַל די איינציקע לאָך אין זײַן דעק איז געווען פאַרשטאָפּט מיטן לעדערנעם רעקל, וואָס קעשו האָט געטראָגן אויף זיך.

ניט איין מאָל איז שוין קעשון אויסגעקומען זיך אויסצוקערן אין ים, אָבער ער ראַטעוועט זיך אַרויס. קעשו ווייַלט זיך אַמאָל און דערצײַלט... ער וואָלט געקענט אויסקירעווען דעם קאַיאַק מיט זײַן נאָז אַליין, ווען די נאָז איז אַ ביסל לענגער. כאָטש ער שפּאַסט דאָס, מיינט דער צוהערער, אַז ס'איז טאַקע מיגלעך צו קירעווען דעם קאַיאַק מיט דער נאָז אַליין, אָן די הענט און אָן די פיס.

קעשו שווימט ווידער נאָכן פענכער. דער ים-הונט איז שוין גאָר שוואַך. קעשו ווייס, אַז ער וועט באַלד ווידער אַרויפשווימען, און דאַן וועט ער אים קענען שלעפּן נאָך זיך אויפן רימען.

עס קומט אים ניט אויס לאַנג צו וואַרטן. דער פענכער שטעלט זיך אָפּ. קעשו כאַפּט אָן דעם רימען און פאַרקירעוועט זיך צו דער קריע. ער שלעפּט נאָך זיך דעם ים-הונט.

— כאַפּ! — שרײַט ער צו מינין. ער וואַרפט אים ווידער צו דעם רימען. — וויקל אַרום דעם רימען זעקס מאָל אַרום האַרפּון און האַלט פעסט דעם ברעג!

מינין דאַרף מען אַ צווייטן מאָל ניט זאָגן. קעשו בינדט ווידער צוזאַמען ביידע ברעגעס פון צעשניטענעם רימען און שלעפּט די קריע צום ברעג. מיני האַלט זיך כאַרן רימען און שלעפּט נאָך זיך דעם ים-הונט.

קעשו רודערט לאנגזאם און פאָרזיכטיק. צווישן קאיאַק און פעסטן אײַז בלײַבט איבער גאָר אַ שמאָלער פּאַס וואַסער. ווי זאָל מיני איבערשפּרינגען איבער דעם פּאַס? אין קאיאַק קען ער אויך ניט אַרײַנשפּרינגען, און שווימען אויך ניט. אָבער קעשו ראַטעוועט אים. ער שווימט צו נאָך נעענטער צום אײַז. ער גיט אַ שטאַרקן מאַך מיטן רודער און פאָרט אַרויף מיטן קאיאַק אויפן פעסטן אײַז. דערנאָך שפּרינגט ער אַרויס און שלעפּט צו פאָרן רימען די קריע צום פעסטן אײַז.

מיני האָרכט צו דעם פאָטער דעם רימען, צו וועלכן עס איז צוגעבונדן דער קלײנער ים־הונט. דער פאָטער הייסט אים זיך אָנכאַפּן פעסט פאַרן קלײנעם ים־הונט, און דער פאָטער שלעפּט זיי בײדן פאַרן רימען. ווען זיי קומען שוין צום פעסטן אײַז, גיט דער פאָטער דעם לעצטן צי. דער ייִנגל גיט אַ שפּרונג. די קלײנע קריע גיט זיך דערבײַ אַ טונק אין וואַסער און דערטרינקט שיִער ניט דעם קלײנעם ייִנגל. אָבער קעשו כאַפּט אים אָן אין דער זעלביקער רגע און ציט אים אַרויף אויפן אײַז.

מע באַגעגנט זיי מיט געשרייען פון פרייד. מיני אַליין שרײַט אויך. קעשו בעט, אַז אַלע זאָלן אַראָפּגיין פון אײַז: ער קען זיך אײַנברעכן. מערניט קאָקאָ פאָטער בלײַבט און העלפט אַרויסשלעפּן אויפן ברעג דעם גרויסן ים־הונט.

מיני שלעפּט אַליין דעם קלײנעם ים־הונט. אַלע שרײַען:

— זעט דעם יעגער! סאַר אַ פאַנג!

קולי שײַנט פון פרייד: אי זון לעבט און ער איז אַזאַ יעגער. זי איז שטאָלץ מיט אים.

— אָ, ער האָט אויסגעשפּירט אַ בער און האָט צוגעהרגעט אַ ים־הונט! און ער איז מער ניט ווי פינף יאָר אַלט!

זי נעמט אים שטאַרק אַרום און דריקט צו איר פלאַציקע נאָז צו זײַנער. אַזוי קושן זיך עסקימאָסן.

מיני מאַכט זיך אַזוי, ווי דאָס האָלט פּאַסירט מיט אים ניט אײן מאָל. אָבער אין דער שטיל גרויסט ער זיך זייער.

קולי און די איבעריקע פרויען האָבן אָפּגעשונדן דעם גרויסן ים־הונט און האָבן אים צעשניטן אויף שטיקער. איטלעכער האָט באַקומען זײַן שטיק חלב. אָבער דעם ערשטן חלב האָט מען דערלאַנגט מינין.

דערווײַלע האָט זיך אומגעקערט קאָקאָ. ער איז געווען הײַנט און האָט קײן זאַך ניט געזען. קיין אײן פויגל האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן צו פאַנגען. קאָקאָן האָט דאָס פאַרדראָסן. ניטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט. אַלץ מיני. אים וואָלט זיך אויך געוואָלט זײַן אַזאַ

העלד. אָבער קולי גיט אים אַ גרויסע שטיק חלב, און ער ווערט פרייליכער. ער זאָגט צו מאַנין: — ווען איך בין דערביי, וואָלט דאָס ניט געקענט טרעפן. איך וואָלט ניט דערלאָזן, מיני זאָל צוגיין אַזוי נאָענט צום וואַסער. אמת, איך בין דאָך שוין זעקס יאָר אַלט, און ער איז מער ניט ווי פינף. ווי קען ער זיך גלייכן צו מיר?

אין דערפֿל האָבן אַלע צו אָוונטברויט געהאַט פלייש פון ים-הונט. אַנגאַגאָק האָט אַפילו באַקומען דעם קאָפּ. ער האָט זיך גענומען קלאָגן, אַז אים איז שלעכט, ער איז קראַנק, און נאָר דעם ים-הונטס קאָפּ קען אים אויסהיילן. האָט אים קולי אַוועקגעגעבן דעם קאָפּ.

דער קאָפּ האָט זיך גערעכנט פאַרן בעסטן טייל.

דאָס פעל פון יונגן ים-הונט האָט קולי געלאָזן פאַר זיך. זי האָט דאָס פעל גוט צעקייט מיט די ציין פון דער אינעווייניקסטער זייט און האָט אויסגעזויגן גאָר די פעטס. דאָס פעלכל איז געוואָרן ווייך ווי סאַמעט. און קולי האָט אויפגענייט פון אים צוויי פאָר שייניקע ווייסע הענטשקעלעך פאַרן צווילינג.



# „ווײַבערשע שפּילעך".

אין די לאַנגע פֿינצטערע ווינטערדיקע שָעהן האָט קעשו געפֿונען פֿאַר זיך אַן אָנגענעמע אַרבעט. ער האָט ניט ליב צו זיצן ליידיק. ער שניצט אויס אַ ליאַלקע פֿאַר מאָנין פֿון אַ ימפּערדס צאָן.

מאָני גיט דער ליאַלקע אַ נאָמען „אַנאַדאָראַ" און זי האָט די ליאַלקע גאָר צערטלעך ליב. קולי האָט אויסגעפּוצט אַנאַדאָראַן אין פֿוטער און האָט איר אויפֿגענייט אַ פּאָר שיכעלעך פֿון ימהונט-לעדער; און מאָני טראָגט זיך אַרום מיט דער ליאַלקע אויפֿן רוקן אַזוי ווי קאָקאָס מוטער מיט איר קליין קינד.

פֿאַר מינין מאַכט דער פֿאָטער פֿון ימפּערד-לעדער אַ געשפּאַן פֿאַר די הינט. עס פּאַסט זייער גוט פֿאַר ניפּן און טאָפּן.

מיני שפּאַנט אײַן זײַנע הינטלעך אין אַ שליטעלע. ער און מאָני שפּילן זיך אין אַ רײַזע אויף שליטנס. די ליאַלקע זיצט אין שליטן אַן אײַנגעוויקלטע אין פֿוטערס.

מיני טרײַבט אָן די הינט, און מאָני גייט הינטערן שליטן

ניפּ און טאָפּ האָבן פֿײַנט די שפּיל און פֿאָלגן ניט. אָט לויפֿן זיי אַרויף אויפֿן „איגלו" און וואַרפֿן אַראָפּ אַנאַדאָראַן אין שניי. אַנאַדאָראַ גיט זיך אַ קײַקל אין איין זײַט, ניפּ און טאָפּ—אין אַ צווייטער זײַט די ליאַלקע פֿאַרזינקט אין שניי. מען מוז זי אויסגראָבן. אָבער ניפּן און טאָפּן אַרט דאָס ניט.

פֿאַר קולין האָט קעשו אויסגעשניצט פֿון ביין מעסער און לעפֿל. און פֿאַר זיך—נײַע שפּיצן פֿאַר דעם האַרפּון, האַקנס פֿאַר ווענדקעס און אַנדערע געצײַג צו דער יאַגד.

ער האָט אויך אויסגעשניצט שאַרפֿע שפּיציקע שטעקעלעך צו כאַפּן לאַקסן און פֿויגל; אַלע געצײַג האָט ער באַפּוצט מיט מוסטערן, אויסגעקריצט אין ביין: אויפֿן הענטל פֿון מעסער האָט ער אויסגעקריצט צוויי פֿרעש און אויפֿן מעטער גופֿא — אַ ימפּערד.

קולי האָט אויך געקענט שניצן פֿון ביין, אָבער מער פֿון אַלץ איז זי געווען פֿאַרטאָן אין מאַכן רעקלעך, שטיוול. זי פֿלעגט קײַען די פֿעלן, זיי זאָלן ווערן ווייכער. מיט אַזוינע ווייכע פֿעלן פֿלעגט זי אויסבעטן די „איגלו". מיט פֿעלן פֿלעגט מען אויך באַצירן די קאַיאַקעס. פֿון פֿעלן פֿלעגט מען מאַכן זומערדיקע געצעלטן.

איינמאָל ווינטער, ווען די לבֿנה האָט געשײַנט, איז די גאַנצע פֿאַמיליע געפֿאָרן אין אַ צווייטן דערפֿל, נײַן מײַל פֿון זייער דערפֿל.

דאָרטן האָט געוויזנט קוליס ברודער. מע איז געפאָרן אויף שליטנס, און די רייזע האָט געדויערט צוויי טעג. זיי האָבן מיטגענומען פלייש, פעטס, אפילו וואַרעמע פעלן. ווען מע איז מיד געוואָרן, האָט קעשו געמאַכט א שטיבל פון שניי זיך אָפּצורוען. דער צווילינג איז געווען אָנטציקט פונעם הייזל.

עס איז געקומען דער פרילינג און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א נייע אַרבעט. די טעג זיינען געוואָרן לענגער. אין אייגלוס האָט גענומען פּלאַצן דער אייז, זיך ברעכן און אוועקשווימען. דאָס וואַסער האָט זיך געבליוט אויף דער זון, עס האָט געוויִשט, די קריעס האָבן זיך גע-טראָגן און אויף זיי האָט מען אָפּט געזען ימפּערד. דער צווילינג האָט געזען אויפן אייז זייערע גרויסע שוואַרצע קערפּערס און געהערט זייער הייזעריקן געביל. דאַן פלעגן אַלע מענער זיך וואַרפן צו זייערע קאַיאַקעס און זיך לאָזן שווימען אויף געיעג.

די מענער פלעגן גיין אויף יאַגד מיט פרייד, אָבער די פרויען פלעגן זיי באַגלייטן מיט אומרויִקע פּנימער און מיט אומגעדולד וואַרטן, זיי זאָלן זיך שוין אומקערן מיט א ימפּערד. דאַן פלעגן זיי אַלע אַרויסלויפן צום ברעג, העלפן אַרויסשלעפּן פון וואַסער די קאַיאַקעס, צעשניידן די ימפּערד און פאַרטיילן דעם פאַנג צווישן אַלעמען.

אויפן גרויסן פעלז איז צעגאַנגען דער שניי. הונדערטער ים-פייגל האָבן דאָרטן זיך געמאַכט נעסטן און האָבן אָנגעפילט די לופט מיט געשרייען און געפילדער.

קעשו פלעגט אַמאָל גיין אויפן פעלז נאָך פייגלשע אייער אָדער ער פלעגט שטעלן פאַנג-נעצן פאַר פוקסן. די יינגלעך, מינין און קאָקאָן, האָט ער אויך געהאָלפן שטעלן א קליינע פאַנג-נעץ פאַר האָזן יעדע צייט פון יאָר האָט זיך אירע באַשעפטיקונגען.

די נעכט זיינען געוואָרן אַלץ קירצער. צום סוף איז שוין גאָר קיין נאַכט ניט געווען. ס'איז געווען לויטער טאָג. דאָס הייזל פון שטיינער, וואָס איז ווינטער געווען אזוי געמיטלעך, איז איצט געוואָרן פינצטער און פייכט. מיני און מאָני האָבן זיך דערמאָנט אָן די זומער-דיקע טעג, ווען מען פלעגט ניט דאַרפן אַרייַנקריכן אין שטיבל דורכן טונעל, און מיני האָט געזאָגט צו מאָנין:

— לאָמיר גיין צום פאָטער איין איבערפרעגן, צי ס'איז שוין צייט אויפצושטעלן געצעלטן.

זיי זיינען אוועקגעלאָפן צום פאָטער. קעשו איז געשטאַנען אויפן ברעג. ער האָט גערעדט מיט די שכנ'ים.

אויפן ברעג זיינען געווען צוויי לאַנגע שיפלעך. די מענער האָבן זיי אויפמערקזאַם באַקוקט, צי זיי רינען ניט. קאָקאָ איז דאָ אויך

געווען. דערזען דעם צווילינג, איז ער זיי געלאָפן אנטקעגן, געמאכט מיט די הענט און געשריען: „ווײַבערשע שיפלעך! ווײַבערשע שיפלעך״!

אָ, איז דאָס געווען אַ נײַס! דער צווילינג איז וואָס גיכער געלאָפן צום ברעג.

קאָקאָס פאָטער האָט געזאָגט, זיך ווענדנדיק צו קעשון: — איך מיין, ס׳איז שוין צײַט ארויסצוכאָרן. דער אײַנגוס איז שוין כמעט ריין פון אײַז, און באַלד וועלן זיך די הירשן אראָפּלאָזן צו די ברעגעס זוכן פרישן מאָך.

אַלע וואַרטן, וואָס קעשו וועט זאָגן. דער צווילינג וואַרט אויך.

— נו, אויב קיין אײַז איז שוין ניטאָ, לאָמיר זיך רירן. לאָמיר נאָך איין מאָל זיך אויסשלאָפן און פאָרן! — האָט קעשו געזאָגט.

דער צווילינג הערט שוין ווײַטער ניט. ער לויפט אהיים. ווי פײַלן זיך דורכגעטראָגן דורכן טונעל און אַרײַנגעפלויגן אינעווייניק. אויפן דיל איז אויסגעשפרייט אַ גרויסע פעל, און קולי וואַרפט אהין מעסערס, לעפל, געצײַג צום פישפאַנג און צום נייען. דאָס אויסגעשפרייטע פעל פאַרמאַכט דעם אַרײַנגאַנג; אַרײַנלויפנדיק גיבן די קינדער גיט ווילנדיק אַ הייב די פעל: מעסערס, נאָדלען, פינגערהוטן — אַלץ צעפליט זיך אין אַלע זײַטן. דורך שפּאַלט קוקן אַרײַן מיני און מאַני.

— מאַמע, מאַמע! — שרײַען זיי: — מיר פאָרן ארויס אין די גרויסע שיפלעך! דער פאָטער האָט געזאָגט! —

קולי לאַכט זיך פונאַנדער. — איך ווייס, איך ווייס! — זאָגט זי: איר זעט, איך לייג שוין אַלץ צוזאַמען אין וועג. איר קענט מיר העלפן, ס׳איז נאָך פאַראַן פיל אַרבעט.

דער צווילינג העלפט מיט פרייד. זיי לייגן צוזאַמען זייערע אוצרות: די שליטעלעך, די ווענדקעס, דעם געשפאַן פאַר די הינט, אַנאַדאָראַן, מע בינדט אַלץ צוזאַמען מיט רימענס פון ימפערד־לעדער, מערנישט אַנאַדאָראַן נעמט מאַני אויפן רוקן.

קולי וויקלט אײַן אַלע זאַכן אין אַ גרויסער פעל. זי נעמט אויך מיט די לאַנגע ציינער פון נאַרוואַל. די לאַנגע ציינער וועלן זיין שטאַנגען פאַרן געצעלט. קולי טראָגט דאָס אַלץ צום ברעג. דער צווילינג העלפט. די מענער לייגן צוזאַמען די זאַכן אין די שיפלעך. אַנדערע פרויען האָבן אויך געבראַכט פעק פון זייערע „איגלוס״. אין די גרויסע שיפלעך איז פאַראַן גענוג אָרט. אין שטיבל זײַנען נאָר געבליבן די גרויסע פעלן פאַר די געלעגערס.

ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק, קריכט קולי מיטן צווילינג ארויף אויפן דאַך פון זייער שטיבל. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט דעם מאָך און די מיסט, וואָס איז געווען צווישן די שטיינער; דערנאָך האָט קולי

פונאַנדערגענומען דעם גאַנצן דאַך און האָט אַראָפּגעוואָרפן די שטיינער אויף דער ערד. דאָס הײַזל איז געבליבן גאָר אָפן פון אויבן.

— פאַרוואָס טוסטו דאָס? — פרעגט מיני.

— דער רעגן זאָל אויסוואַשן און די זון זאָל אויסטריקענען אונדזער וווינונג — ענטפערט קולי.

קעשו קומט פון ברעג און זאָגט צו זיין פרוי: — לאָמיר עסן פלייש, זיך אויסשלאָפן נאָך איין מאָל און אין וועג אַריין. אַלץ איז שוין פאַרטיק. די שיפלעך זײַנען צוגעגרייט, און דאָס וועטער ווערט, דאַכט זיך, זײַן גוט.

קולי האָט געבראַכט יַמפערד-פלייש און חלֵב, און דער צווילינג האָט אָפּגעגעסן אָוונטברויט, זיצנדיק אויפן ברעג דאַך. די פיסלעך זייערע זײַנען אַראָפּגעהאַנגען אין שטיבל. מיני האָט שאָקלענדיק מיט די פיס ניט ווילנדיק אָנגערירט דעם פאָטערס קאָפּ. קעשו האָט אים אַראָפּגענומען און אַנידערגעלייגט אויף אַ קופּע פעלן, וואָס אויפן געלעגער.

— לייג זיך און שלאָף! — האָט ער געזאָגט.

מאָני איז אַליין אַראָפּ און האָט זיך געלייגט לעבן מינין. קעשו און קולי האָבן זיך אויך אײַנגעוויקלט אין ווארעמע פעלן און זייַנען אַנטשלאָפן געוואָרן.

מיני און מאָני זייַנען נאָך אַ ווײַלע געלעגן אויף. דורכן אָפענעם דאַך האָט זיך געזען דער בלויער הימל, און אויף אים זייַנען געשווומען ווײַסע לײַכטע וואָלקנדלעך. זיי האָבן געטראַכט וועגן די ווונדער, וואָס זיי וועלן זען, שווימענדיק אין די שיפלעך איבערן ים.



# די רײזע.

דער צוױלינג כאַפּט זיך אױף. די זון שײַנט גאָר העל. ניפּ און טאָפּ בײלן אױף די קינדער דורך דעם אָפֿענעם דאַך.

קעשו און קולי זײַנען שױן אױעק. מיני און מאַני דערשרעקן זיך. זײ מײנען, אַז מע האָט זײ איבערגעלאָזן אַלײן. זײ זעצן זיך אױפֿן געלעגער און הײבן אָן װײנען.

דורכן לאָך אין דאַך קוקט אַרײַן קולי.

— װאָס איז? — פֿרעגט זי.

— מיר האָבן געמײנט, אַז איר האָט אונדז איבערגעלאָזן! — װײנט מאַני.

— און װי האָט איר גאָר אַזױנס געקענט קלערן? — שרײַט אױס קולי. זי לאַכט פֿון צװילינג.

— דערלאַנגט מיר די פֿעלן! — זאָגט זי.

זי לאָזט אַראָפּ און שלעפּט געשיקט אַרױס די פֿעלן פֿון געלעגער, װאָס די קינדער דערלאַנגען איר.

זי שטעקט נאָך אַ מאָל אַרײַן דעם קאָפּ אין לאָך און קוקט אַלץ אַרום.—מיר האָבן, דאַכט זיך, קײן זאַך ניט איבערגעלאָזן,—זאָגט זי.

—קומט קינדער.

דעם צװילינג װילט זיך זײער אַרױסקריכן דורכן דאַך, אָבער זײ קענען ניט. קריכן זײ אַרױס דורכן טונעל און העלפֿן דער מוטער צוטראָגן די פֿעלן צום ברעג.

אױפֿן ברעג איז שױן פֿאַראַן דאָס גאַנצע דערפֿל. אַלע מיט זײערע הינט. די גרױסע שיפֿלעך זײַנען אָנגעפּאַקט מיט זאַכן. די קאַיאַקעס פֿון די מענער זײַנען אױסגעשטעלט דערבײַ מיט די נעזער צום װאַסער. די הינט לױפֿן מיט אַ געבילן אַרום אױפֿן ברעג, די זױגע-דיקע קינדער װײנען, די גרעסערע קינדער ליאַרעמען פֿון פֿרײד. די דערװאַקסענע זײַנען אױך גוט אױפֿגעלײגט. זײ רײדן הױך, שפּאַסן, לאַכן.

• • •

אָט גײט שױן קעשו אַ געשרײ:—פּאַרטיק! זעצט זיך!

ער װײַזט אָן יעדערן זײַן אָרט. אין אײן שיפֿל זעצט זיך בײַם רודער אַנגאַגאָק, אין דעם צװײטן—קאָקאָס פֿאָטער.

אין דעם שיפֿל, װאָס קאָקאָס פֿאָטער האָט געפֿירט, האָט מען אַרײַנגעזעצט קאָקאָן, זײַן מוטער מיט איר עופּהלע, קולין דעם

צווילינג, די קליינע הינטלעך, דרײַ גרויסע הינט און פיר פרויען, וואָס האָבן געוווינט אין אַן אַנדער "איגלו".

ווי איר זעט, איז דאָס שיפל געווען ניט קיין קליינע.

אין אַנגאַגאָקס שיפל האָט מען אַרײַנגעזעצט בײדע ווײַבער זײַנע און אַלע איבעריקע פרויען, קינדער און הינט. די פרויען האָבן זיך גענומען פאַר די וויאָסלעס. אַ טייל פון שיפל איז שוין געווען אין וואַסער, ווען מע האָט זיך געזעצט. די מענער האָבן פאַרזיכטיק אַראָפּגעשטופּט די שיפלעך אין וואַסער.

דערנאָך האָבן זיך די מענער אַרײַנגעזעצט אין זייערע קאַיאַקעס. זיי האָבן צוגעבונדן זייערע לעדערנע קורטקעס צום ברעג פון שיפל און זיי זײַנען אַרויסגעשווומען.

ווען אַלע שיפלעך זײַנען שוין געווען אין וואַסער, האָט קעשו אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע: "מיר שווימען אויף צפון! אַלע נאָך מיר!"

די פרויען האָבן געקוקט אויף די צייכנס, וואָס קאָקאָס פאָטער און אַנגאַגאָק גיבן. אַלע וויאָסלעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן מיטאַמאָל. אָט שווימען זיי, די גרויסע שיפלעך! אַ גוטן דיר, ברעג!

די קינדער זיצן אויפן גרונט פון שיפל. אָבער קאָקאָ און דער צווילינג זײַנען די גרעסערע און זיי קוקן דורכן באָרט. זיי קוקן אויפמערקזאַם אויף אַלץ, וואָס טראָגט זיך פאַרבײַ פאַר זייערע אויגן, און די קליינינקע שפּילן זיך מיט די הינט.

זיי זײַנען באַלד פאַרבײַגעפאָרן פאַרבײַ דעם גרויסן פעלז, איבער וועלכן עס זײַנען געפלויגן יאַמפּייגל. אויפן שפּיץ איז געזעסן אַ ווײַסער פוקס. קענטיק, אַז ער האָט געלויערט נאָך אַ פויגל.

אָט האָט זיך שוין דאָס דערפל באַהאַלטן הינטערן פעלז.

* * *

די גאַנצע געגנט הינטער דעם גרויסן פעלז איז גאָר נײַ פאַר דעם צווילינג און פאַר קאָקאָן. אָט זעען זיך בוכטעס, אײַנגוסן; ערטער־ווײַז זײַנען די ברעגעס באַדעקט מיט מאָך, אַזוי ווי מיט אַ גרינעם טעפּיך. אַנדערשוווּ וואַקסן אַפילו בלומען אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון דער זון. איבער זיך זעען די קינדער דעם בלויען הימל, אונטן — דאָס בלויע וואַסער.

הינטער די גרינע בערגלעך הייבן זיך העכערע, גאָר נאַקעטע, מיט קרוינען פון ווײַסן שניי אויפן שפּיץ. דער שניי צעגייט שוין קיינמאָל ניט. פון די בערגלעך גיסן זיך שטראָמען און פאַלן אין ים אַרײַן.

אָט זײַנען זיי שוין אָפּגעפאָרן גאָר ווײַט. קעשו גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און באַווײַזט עפּעס אויפן ברעג.

ס'אר אַ מאָדנער בילד: אַ גוואַלטיק גרויסער אײַזיקער טײַך! ער גייט אַרויס פון אַ טאָל צווישן צוויי בערגלעך. אַן אמתער טײַך, אָבער אַ פאַרפראָרענער. אין דעם אָרט, ווו ער לאָזט זיך אין ים אַראָפּ, האָט זיך דער אײַז געבראָכן און ער הענגט אַראָפּ ווי אַ מעכטיקע וואַנט פון אײַז. אַרום און אַרום שווימען אין ים קריעס.

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ קנאַק. מיני האָט שוין געהערט אַזוינס: אַזאַ קנאַק האָט עס דערלאַנגט, ווען ער האָט געזוכט אַ נאָרע פון אַ יאַמ-הונט אויפן אײַז. ער האָט ניט ליב דאָס צו הערן. ער שרעקט זיך.

ווי נאָר עס האָט גענומען קלאַפּן, האָט קעשו אויסגעשריען:

— „נאָך מיר, ווײַטער פון ברעג, רודערט וואָס שטאַרקער!"

דערבײַ האָט ער פאַרקירעוועט זײַן קאַיאַק פון ברעג צום ים, און אַלע האָבן זיך געלאָזן נאָך אים.

— זיי באַווײַזן נאָך ניט אָפּצושווימען קיין האַלבן מײַל, ווי עס דערלאַנגט דאָס אַ מורֶאדיקער קנאַק. מע קען מיינען, אַז אַ האַלבע וועלט האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן, און גלײַך נאָכדעם—אַ פּליעסק אין וואַסער.

אויף מײַלן ווײַט הערט זיך עס! דער ברעג פון דעם אײַזיקן טײַך אָדער פון גלעטשער האָט זיך אָפּגעריסן און איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער.

פון פּליעסק האָבן זיך אויפגעהויבן כוואַליעס אין יַם. זיי זײַנען דערגאַנגען צו די שיפלעך, און די שיפלעך האָבן זיך גענומען שאָקלען און שפּרינגען אין וואַסער ווי קאָרקעס.

דעם צווילינג און קאָקאָן געפעלט דאָס, אָבער אַנגאַגאָק איז אויסער זיך. איין כוואַליע האָט זיך אַ קײַקל געטאָן איבער אים און האָט אים באַגאָסן מיט קאַלטן וואַסער.

אַלע דערוואַקסענע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די שיפלעך וואָלטן זיך אויסגעקערט און אַלע וואָלטן דערטרונקען געוואָרן, ווען קעשו הייסט זיי ניט וואָס-גיכער אָפּפאָרן פון ברעג.

• • •

די כוואַליעס שטילן זיך אײַן. קעשו פאָרט צו נעענטער צו די איבעריקע שיפלעך און פרעגט:

— אפשר זאָלן מיר צופאָרן צום ברעג און זיך דאָ אָפּשטעלן? אַ מײַל ווײַט פון דאַנען פליסט אַ שטראָם, וואָס אין אים קענען מיר פאַנגען לאַקס. אָט וועט דאָס זײַן אַ מיטאָג!

ער שווימט פאָרויס, און אַלע נאָך אים. זיי האַלטן זיך וואָס ווײַטער פון אײַזבאַרג, וואָס איז שוין אָפּגעשוואוּמען פון ברעג.

זיי שטעלן זיך אָפּ אין אַ קליינעם אײַנגוס.

קעשו פאָרט צו צום ברעג. פון די פעלזן קײַקלט זיך אַ פּרעכטיק-קלאָרער שטראָם. די בערגלעך לאָזן זיך אַראָפּ צום ים ווי גלײַכע

װענט. אויף זייערע גרינע זײַטן שפּילט זיך די זון. די הויכע פעלזן, װאָס הינטער זיי, פאַרשיצן פון די קאַלטע צפונדיקע װינטן. אין טאָל לעבן די בערגלעך איז שוין זומער.
סאַר אַ װוּנדערלעכער װינקל! — רופן אַלע אויס.
די שיפלעך שלעפּט מען אַרויס אויפן ברעג. די פרויען און די קינדער שפּרינגען אַרויס, מע גרייט עסן.
די פרויען נעמען אַרויס זייערע קעסטעלעך, און קולי מאַכט אַ פײַערפּלאַץ צווישן דרײַ שטיינער.
פּעטס און מאָך האָבן זיי. אָבער װי מאַכט מען פײַער? קיין שװעבעלעך האָבן זיי ניט. זיי האָבן אַפילו קיינמאָל װעגן אַזוינס ניט געהערט.
אַנגאַגאָק זעצט זיך אויפן ברעג. ער האָט קליינע שטיקלעך טרוקענע האָלץ און טרוקענע מאָך. איין שטיק האָלץ, װאָס מיט אַ גריבעלע אינמיטן, לייגט ער אַװעק אויף דער ערד און דריקט עס צו מיט די פיס. אַ צווייטע שטיק האָלץ שטעלט ער אַרײַן מיטן שפּיץ אין גריבל, און דעם צווייטן ברעג שפּאַרט ער צו צו די ציינער. דער־נאָך נעמט ער דאָס שטעקעלע דרייען. לעבן גריבעלע הייבט באַלד אָן צו רויכערן; קולי װאַרפט אונטער אַ ביסעלע טרוקענע מאָך. עס פלאַמט אויף אַ קליין פײַערל.
זי װאַרפט אונטער נאָך מאָך. איבערן פײַער שטעלט זי אַ שטיי־נערנעם קעסל מיט װאַסער. דאָס װאַסער הייבט באַלד אָן צו זידן.
דערװײַלע גייען די מענער אַװעק װײַטער מיטן ברעג פון שטראָם. קאָקאָ און דער צווילינג מיט זיי.
אַנגאַגאָקס װײַבער קלײַבן מאָך און װאַרפן אין פײַער, װאָס צע־ברענט זיך אַלץ בעסער. קולי איז די קעכין. זי בלײַבט אויפן ברעג. זי גיט אַכטונג אויף די קליינע קינדער, אויף די הינט, אויפן פײַער. ס'איז אַלץ אָנגעגרייט צום מיטאָג, אָבער קיין שפּײַז איז ניטאָ.
דערװײַלע געפינען די מענער אַזאַן אָרט אין טײַכל, װאָס איז פאַרװאָרפן מיט גרויסע שטיינער. זיי שטעלן זיך אויף די שטיינער מיט די שפּיזן אין די הענט. אין טײַכל איז דאָ גאָר פיל לאַקס. װי נאָר אַ לאַקס באַװײַזט זיך צווישן די שטיינער, לאָזט מען אַראָפּ דעם שפּיז און מען שטעכט אים דורך. אונדזערע יעגער אַרבעטן קונציק און זיי כאַפּן אָן גאָר פיל פיש און קערן זיך אום צום ברעג. קולי לייגט אַרײַן אין קעסל װיפיל ס'גייט נאָר אַרײַן, אָבער די מענער זײַנען אַזוי הונגעריק און זיי נעמען עסן רויע פיש. קאָקאָ און דער צווילינג נאַשן די אויגן פון די פיש, װיפיל זייער האַרץ געלוסט.
אַלע עסן זיך אָן צו זאַט. די קינדער װיקלען זיך אײַן אין די

פעלן און שלאָפן אײַן. אנגאגאָק ציט זיך אויס אויפן זאמד אויף דער זון און שלאָפט אויך אײַן.

די מענער זעצן זיך צו דערבײַ. מיני און קאָקאָ לייגן זיך מיטן פּנים צו דער ערד לעבן קעשון. די פרויען גייען אָפּ א שטיקל ווײַטער.

אין דער לופט איז שטיל. עס רוישט דאָס וואסער, עס פלאפּלען די פרויען, עס כראָפּעט אנגאגאָק און עס זומען קאָמארעס.

מע רוט זיך לאנג. מיני און קאָקאָ שלאָפן ניט אײַן. זיי האָבן אזא פארווײַלונג: זיי שפּילן זיך מיט מושלען און מיט שטיינדעלעך, קוקן, ווי די פליגעלעך דרייען זיך איבער אנגאגאָקס פּנים. פליגעלעך און קאָמארעס איז פאראן א גאנצער וואָלקן, און ווײַזט אויס, איז זיי ליב זיך צו דרייען איבער אנגאגאָקן. אָט לאָזט זיך איין קאָמאר אראָפּ אויף זײַן נאָז און נעמט אים בײַסן. די קינדער ווילן א קלאַפּ טאָן איבערן קאָמאר, אָבער זיי וואגן ניט, און דער קאָמאר טוט זיך זײַנס.

אנגאגאָק כאַפּט זיך אויף און גיט א קלאַפּ איבערן קאָמאר. פון ביס און פון זײַן אייגענעם קלאַפּ לויפט אויף בײַ אים די נאָז. ער ווערט אין כעס און זוכט מיט די אויגן זײַנע ווײַבער, אָבער זיי זיצן גאָר ווײַט פון אים. דאָ האָט קעשו גענומען ריידן:

— קיין בעסערן אָרט פאר אונדזער זומערדיקן לאגער וועלן מיר ניט געפינען. דאָ איז פאראן אזוי פיל לאקס, מע קען דאָ כאַפּן און אָנטריקענען פיש אויפן גאנצן ווינטער! און צווישן די בערגלעך מוזן זײַן הירשן אויך. אפשר זאָלן מיר דאָ אויפשטעלן אונדזערע בײַדלעך?

ווען קעשו זאָגט עפּעס, פאָלגן אַלע: ער איז אזא בראַווער און קונציקער יעגער. אַלע ענטפערן:

— פארוואָס ניט? לאָמיר דאָ אויפשטעלן די געצעלטן!

אנגאגאָק זאָגט אויך: — יאָ, מײַנע קינדער, לאָמיר דאָ בלײַבן. איר מיינט, איך האָב געשלאָפן? דאָס האָב איך גערעדט מיט אונדזער גאָט טאָרנאָק אליין. ער הייסט אויך בלײַבן דאָ!

— מע דארף זאָגן די פרויען! — רופט זיך אָפּ קעשו, און קאָקאָס פאָטער גייט צו צו זיי.

— נעמט אַרויס די שטאנגען! — שרײַט ער צו זיי — מיר בלײַבן דאָ!

• • •

די פרויען אײַלן זיך צו די שיפלעך. זיי פאקן אויס די לאנגע ציינער פון די נארוואלן און די פעלן.

קולי רופט מיט דעם צווילינג, גיט יעדערן א שטאנג. אליין נעמט זי דעם לענגסטן און דערצו נאָך א פאק פעלן.

קולי הייבט זיך אויפן בערגל, וווּ ס'איז א גלײַכער אָרט, וואָס איז גוט פארשטעלט פון ווינט. זי געפינט א גרויסן פלאציקן שטיין.

אויף אים מאַכט זי דעם געלעגער. זי שטעלט אַרײַן די שטאַנגען און פּאַרדעקט זיי מיט פעלן. פריער לייגט זי פעלן מיט די האָר אויף אינעווייניק, און איבער זיי נאָך פעלן מיט די האָר אין דרויסן, און דער געצעלט איז פאַרטיק. דער צווילינג ברענגט די בלים: קעסעלעך, מעסערס, לעפל און אַנדערע זאַכן. און קולי מאַכט אין געצעלט אַ פייער־פּלאַץ.

זי האַקט אַרײַן אין דער ערד פיר שטעקנס, בינדט זיי צוזאַמען פון אויבן מיט אַ רימען און הענגט אויף אויף דעם רימען אַ קעסעלע. אונטערן קעסעלע שטעלט זי דעם לאָמפּ. די מלײַטע איז פאַרטיק.

— מיר וועלן קאָכן אין דרויסן, — זאָגט זי צום צווילינג, — אָבער אין אַ רעגן וועלן מיר דאַרפן דעם לאָמפּ.

און באַלד איז אויבן ברעג אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ דערפל.

פיש איז געווען גענוג, און גוטע וואַסער צום טרינקען אויך.

* * *

מיני און מאַני זײַנען גליקלעך אין זייער נײַעם ווינאַרט. זיי קלעטערן איבער די פעלזן און געפינען אַ הייל זיך צום שפּילן. זיי קלײַבן בלומען, מושלען, פאַרביקע שטיינדלעך און ברענגען עס אַלץ דער מוטער.

זי גייען מיט די מענער אויף פישפאַנג. קעשו דערלויבט זיי זיך שטעלן אויף די שטיינער און שטעכן די פיש מיטן שפּיז, ווי דאָס טוען די דערוואַקסענע.

מיני האָט איינמאָל געכאַפּט אַ פיש, קאַקאַ אויך, אָבער מאַני, נעבעך, ניט.

דאָס דערפל האָט אויסגעוויזן אַזוי, ווי מע וואָלט דאָ געוווינט פון אייביק אָן. זיי עסן, לייגן זיך שלאָפן און שטייען אויף אַזוי, ווי זיי וואָלטן האָבן אַ זייגער, אַזוי ווי עס וואָלט געווען ביי זיי טאָג און נאַכט.

ווען דאָס עסן איז געוואָרן פאַרטיק אין די קעסלען, האָט קעשו גערופן אַלעמען צום מיטאָג.

די מענער האָבן זיך געזעצט אין איין רעדל, די פרויען מיט די קינדער — אין אַ צווייטן. אין מיטן פון יעדער ראָד האָט מען געשטעלט אַ קעסעלע; איטלעכער לאָזט אַראָפּ די האַנט אין קעסל, נעמט זיך אַרויס אַ פיש און עסט.

נאָכן עסן האָבן זיך די קינדער געשפּילט אויפן ברעג: געוואָרפן שטיינדעלעך, געטאַנצט, געשפּילט אין באַל; די מאַמעס האָבן זיך אויך באַטייליקט אין שפּיל.

די מענער פאַרברענגען זיך אויך: זיי זיצן אין ראָד, דערציילן זיך

מײַסעס, שפּילן אין אַנדערע שפּילן, ניט איז קײן קינדערשע. אַנגאַגאַק זינגט אַ ליד, קלאַפּט צו אין טאַקט אויף זײַן פּײַקל. די מענער האַלטן אונטער אין כאָר.

קולי זעט, אַז מאַני איז שלעפעריק. זי נעמט דעם צווילינג פאַר די הענט און פירט זײ אין געצעלט אַרײַן.

— מיר ווילן ניט שלאָפן! — זאָגן די קינדער. — אָבער איך וויל — ענטפערט קולי — און איר לײגט זיך מיט מיר! אין געצעלט איז ניט אַזוי ליכטיק ווי אין דרויסן. זײ טוען זיך אויס און קריכן אַרײַן אונטער די פעלן. באַלד שלאָפן שוין אַלע דרײַ. דערנאָך קומט קעשו און לײגט זיך אויך.



# א זומערדיקער טאָג.

גיך פליִען די זומערדיקע טעג. מע קען אייגנטלעך ניט זאָגן טעג, ווײַל דאָס איז דאָך איין לאַנגער, גאָר לאַנגער טאָג. גאַנצע דרײַ מאָנאַטן ציט ער זיך. מע עסט, ווען מע איז הונגעריק, און מע שלאָפט אײַן, ווען עס שלעפערט. די מענער פאַנגען לאַקס אין די הונדערטער, די פרויען רייניקן די פיש און טריקענען זיי אויף די פעלזן, די קינדער פאַרברענגען די טעג אין שפּיל.

די מענער גייען אויף יאַגד אין די בערג: זיי שפּירן נאָך הירשן, דעם מוסקוס-אָקס, בערן; דעם פאַנג שלעפּט מען אין דערפל צום ברעג. מע פאַנגט אויך אין ים. שפּײַז פעלט ניט אויס.

אַלע זײַנען דיק געוואָרן, אָבער מער פון אַלעמען אנגאַגאָק.

קאָקאָ זאָגט צו מינין:

— אנגאַגאָק איז אַזוי שווער, אַז צוליב אים קען פאַרזינקען דאָס שיפל. גוט, ווען מע קען אים צובינדן צו אַ רימען און שלעפּן אין וואַסער, ווי אַ יאַמפערד.

— יאָ — זאָגט מיני: — אין וואַסער וואָלט ער זיך אפשר אַ ביסל צוזאַמענגעקאָרטשעט, ווי ס'קאָרטשען זיך צוזאַמען רימענס פון יאַם-פערד-לעדער.

גוט, וואָס קיינער הערט ניט דעם געשפּרעך, די עלטערע האָבן ניט ליב, ווען די קינדער ריידן אַזוי וועגן אנגאַגאָקן.

ווען עס ווערט קלענער דער פאַנג, אָדער ס'דערעסט צו שטיין אויף איין אָרט, לאָדט מען אָן די שיפלעך און מע פאָרט פּאַזע ברעג, ביז מע געפינט ווידער אַ גוט אָרט, וווּ אויפצושטעלן די געצעלטן.

אָפטמאָל טרעפט מען זיך מיט פרעמדע מענטשן, מע באַקענט זיך, מע קריגט נײַע גוטע פרײַנט.

ענדע אויגוסט האָט זיך די זון באַהאַלטן הינטערן האָריזאָנט. עס האָבן נאָך ניט באַוויזן פאַרלאָשן צו ווערן די רויטע און פּײַערדיקע פאַסן פון אונטערגאַנג, ווי די זון האָט זיך ווידער באַוויזן. אויף מאָרגן האָט עס געדויערט אַ ביסל לענגער פון אָונטערויט ביז מאָרגנרויט.

די דריטע נאַכט איז געווען נאָך לענגער. די קעלט האָט זיך מיט יעדן טאָג געשטאַרקט, אָבער מע האָט נאָך אַלץ געוווינט אין די געצעלטן. עס גלויבט זיך ניט, אַז דער וואַרעמער זומער איז שוין אַוועק, און ס'הייבט זיך אָן די לאַנגע ווינטערדיקע נאַכט.

סוף-כל-סוף זאָגט קעשו: — שוין צײַט זיך אומצוקערן אין די ווינטערדיקע הײַזלעך! די נעכט ווערן אַלץ לענגער. עס קען באַלד

אָנהייבן שנייען. עס ליגט ניט צו בײַטן דעם ווינטערפּלאַץ, קיין בעסערן וועלן מיר ניט געפינען. און דאָרטן האָבן מיר שוין פּאַרטיקע הײַזלעך. ווי מיינט איר, צי זאָלן מיר ניט פאָרן צוריק?

— יאָ, ס'איז צײַט זיך אומצוקערן,—ענטפערן אַלע.

* * *

אויף מאָרגן לאָזט מען זיך אין וועג אַרײַן. די שיפלעך זײַנען אָנגעפּאַקט מיט געטריקנטע פיש און מיט נײַע פעלן, און נאָך יעדער קאַיאַק שלעפּט מען נאָך אַ יאַמהוגט.

מע שווימט פּאַזע ברעג. מע שטעלט זיך אָפּ מער נישט אויף מיטאָג און אויף רו. דער צווילינג און קאָקאָ זיצן אויפן גרונט פון שיפל צוזאַמען מיט די הינט. זיי הערן זיך צו צו די געשרייען פון די יאַמפייגל און צו די געשפּרעכן פון די פרויען. דאָס זײַנען די איינציקע קלאַנגען אין דער גרויסער שטילקײַט, וואָס הערשט אַרום און אַרום. די קינדער ריידן שטיל צווישן זיך, מע מאַכט פּלענער ווי צו פאַר־ברענגען דעם לאַנגן פינצטערן ווינטער.

זיי דערזעען פאַרויס דעם גרויסן פעלז. איצט פילן זיי, אַז מע קערט זיך אום אַהיים נאָך אַ לאַנגער רײַזע.

קאָקאָ שטעלט זיך אין שיפל און ווײַזט אָן אויפן פעלז מיט דער האַנט:

— קוקט!—שרײַט ער אויס—אָט איז דער גרויסער פעלז, וווּ מיר האָבן געפונען דעם בער!

— יאָ, זאָגט מאָני:—דאָ האָבן מיר זיך געגליטשט פון בערגל אויף שליטלעך!

— און איך זע דאָס אָרט, ווו איך האָב זיך אָפּגעריסן אויף דער קריע פון ברעג! — האָט אויסגעשריען מיני.

— זיצט רויִק! — שטעלט זיי אָפּ קאָקאָס מאַמע: — איר וועט איבערקערן דאָס שיפל, און מיר וועלן אַלע זיך דערטרינקען!

קאָקאָ זעצט זיך. דאָס שיפל שווימט צו אַלץ נעענטער און נעענטער צו דער אַלטער היים. מע פאָרט אַרום דעם גרויסן פעלז און מע דערזעט שוין אויף דער זון די פינף „איגלוס". פריער שלעפּן די מענער אַרויס אויפן ברעג זייערע קאַיאַקעס, דערנאָך שוין שלעפּט מען אַרויס די גרויסע שיפלעך אויך. אַלץ גייט צו כּשורה. אויפן ברעג קאָכט: די מענער ציען אַרויס פון וואַסער די יאַמהינט און די יאַמ־פערד, דרייען זיך אַרום די שיפלעך; די פרויען שטעלן אויס די גע־צעלטן, צעשנײַדן דאָס פלייש, פּאַקן אויס די זאַכן.

דאָס דערפל איז דאָס זעלביקע, אָבער דאָך האָט זיך עפּעס געביטן. יפּ און טאָפּ זײַנען אויסגעוואַקסן. זיי זײַנען שוין רגרויסע הינט.

זיי לויכן איבערן זאמד צוזאמען מיט טוקין און די איבעריקע הינט און זיי ליגן שוין גאָר רויִק אַכט אויפן צווילינג. די קינדער זיינען אויך אויסגעוואַקסן. קולי קוקט זיך איַן אויף זיי, ווען זיי העלפן איר אַרויסטראָגן אויפן ברעג די בעַדלעך, און זי זאָגט:

— גאָט מיַינער, ווי איר זיַיט אויסגעוואַקסן פון איַערע זאַכן! מע דאַרף זיך נעמען פאַר דער נאָדל און נייען ניַיע!

דער צווילינג איז זייער צופרידן פון דער מוטערס ווערטער.

• •
•

קולי האָט אויפגעשטעלט דעם געצעלט לעבן אַלטן היַיזל. דאָ ווינט מען דערוויַילע. די מענער שווימען אַרויס אַלע טאָג אויף קאַיאַקעס פאַנגען יאַמפערד און יאַמהינט און זיי גייען אויף יאַגד אין די בערג. מע מוז אָנגרייטן שפּיַיז אויף ווינטער. די פרויען רייניקן די פעלן, שניַידן דאָס פלייש און ליגן דאָס אין די שפּיַיכלערס אויף ווינטער.

מיט יעדן טאָג ווערט אַלץ קעלטער. די נעכט ווערן אַלץ לענגער. מיטאַמאָל אין מיטן סעפּטעמבער ווערט גאָר אַ שטאַרקער שניי־שטורעם. עס שנייט אַ גאַנצן טאָג. ביַינאַכט בלאָזט אַזאַ ווינט, אַז קולי און דער צווילינג ווערן שיר ניט פאַרפראָרן אונטער די פעלן פון זייער געלעגער. באַגינען איז איבער זיי אַ גאַנצער באַרג שניי. זיי קליַיבן זיך אַריבער וווינען אין „איגלו“. אויף מאָרגן קליַיבט זיך שוין דאָס גאַנצע דערפל אַריבער, און ווי נאָר די נאַכט לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, הייבט עס אָן בלאַס צו ליַיכטן אין די פענצטערלעך.

ניפּ און טאָפּ שלאָפן צוזאַמען מיט טוקין אין אַ באַזונדער היַיזעלע, וואָס קעשו האָט געמאַכט פאַר זיי. מיני און מאָני בענקען נאָך די הינטלעך, אָבער קולי זאָגט: „איר זיַיט שוין גרויסע, גענוג זיך שפּילן מיט די הינטלעך, איר מוזט זיך לערנען נוצלעכע אַרבעט“.

מאָני מוז זיך לערנען נייען, און מיני מוז העלפן דעם פאָטער שפּיַיזן די הינט, אויפפאַסן אויפן געשפּאַן און אָנפירן מיט די הינט.

—עס קען זיַין, אַז דער פאָטער וועט זיי אויך אויסלערנען אויסשניצן אַלערליי זאַכן פון דעם יאַמפערדס ציינער! מאָני וועט דאָך שוין באַלד דאַרפן האָבן נאָדלען און אַ פינגערהוט. וועט מען דאָס דאַרפן מאַכן. אויסערדעם קען זי מיר העלפן רייניקן פעלן און אויסשמאָקטשען פון זיי די פעטס.

— אָ, וויפיל מע דאַרף דאָס האָרעווען צו זיַין זאַט און אָנגעטאָן. די ריזן היטן אונדז אָפּ ביַי דער שוועל פון „איגלו“, און מע מוז אַרבעטן, כדי צו פאַרהיטן פון זיי די קינדער און זיך אַליין! — האָט צוגעגעבן קולי.

ריזן — דאָס האָט זי געמיינט הונגער און נויט, וואָס פאַרפאָלגן שטענדיק דעם עסקימאָס, אויב ער זאָל אויפהערן צו זאָרגן וועגן שפּייז פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע. זי האָט געוואָלט געבן צו פאַרשטיין די קינדער, אַז מיני מוז אויסוואַקסן אַ שטאַרקער און מוטיקער יעגער, וואָס שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך ניט אויף דער ערד, ניט אויפן ים. און מאָני מוז זיך אויסלערנען אויסגעצייכנט אַלע פרויען-אַרבעטן; אויב ניט, קענען זיי בלײַבן אָן שפּייז, אָדער אויסגיין פון קעלט.

* * *

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט פעסט. דער אויגוסט איז אַוועקגעפאָרן, און דער שניי האָט פאַרטראָגן די הײַזלעך; ווען ניט די מענטשן, וואָס פלעגן זיך אַמאָל באַווײַזן לעבן זיי און דער געלבלעכער שײַן פון די פענצטערלעך, האָט מען גאָרניט געקענט וויסן, אַז דאָס איז אַ דערפל.

דער לעצטער טאָג איז געווען זייער אַ קורצער. מיני און מאָני האָבן אים פאַרבראַכט אויפן גרויסן פעלז. זיי זײַנען אַרויף אויף אים גאָר פרי. זיי האָבן זיך געוואָלט מאַכן אַ הײַזל פון שניי. האָבן זיי זיך ניט באַוויזן אַרומצוזען, ווי דער הימל איז געוואָרן ראָז אין מיזרח. דאָס מאָרגנרויט האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט, די שטערן זײַנען פאַרלאָשן געוואָרן, און ס'איז אַרויסגעשוואומען די זון, אַ רונדע און אַ רויטע. די קינדער האָבן געקוקט. די זון האָט זיך באַוויזן, אויפן שניי זײַנען געפאַלן לאַנגע בלוילעכע שאָטנס, און זי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן באַהאַלטן. אויפן הימל איז געבליבן ניט מער, ווי אַ ליכטיקער פּאַס. די קינדער האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, זיך געזעגנט מיט דער זון, געשיקט איר גערוסן.

— אַ גוטן דיר, זונעלע! אַ גוטן! קער זיך אום באַלד צוריק!

עס האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און עס האָט זיך אָנגערוקט אַ גרויסער וואָלקן. די קינדער זײַנען לעבעדיק אַראָפּגעגליטשט פון פעלז און האָבן זיך געלאָזט לויפן אונטערשפרינגענדיק צו די באַלויכטענע פענצטערלעך פון דערפל.

(ע נ ד ע).

